ספרי' — **אוצר החסידים** — ליובאוויטש

קובץ
שלשלת האור

היכל
תשיעי

שער
שלישי

# ספר השיחות
# תשמ"ז

## - כרך א -

ערב ראש השנה - ש"פ ויקרא, ה' ניסן



מכבוד קדושת

## אדמו"ר מנחם מענדל

זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע

**שניאורסאהן**

**מליובאוויטש**



- הוצאה שני' -





יוצא לאור על ידי מערכת

**"אוצר החסידים"**

770 איסטערן פארקוויי ברוקלין, נ.י.

שנת חמשת אלפים שבע מאות ששים ושלש לבריאה

מאה שנה להולדת כ"ק אדמו"ר זי"ע

**SEFER HASICHOS -- 5747**
Volume One

Second Printing 2003
by
**Kehot Publication Society**
770 Eastern Parkway / Brooklyn, New York 11213
(718) 774-4000 / FAX (718) 774-2718
**Orders Department:**
291 Kingston Avenue / Brooklyn, New York 11213
(718) 778-0226 / FAX (718) 778-4148
www.kehotonline.com


---

**Library of Congress Cataloging-in-Publication Data**
Schneerson, Menahem Mendel, 1902—1994
**[*Sihot* 5747]**
Sefer ha-sihot, 5747 / mi-kevod Kedushat Menachem Mendel
Shene'ursohn, mi-Lyubavitsh.
p. cm. -- (sifriy. Otsar ha-hasidim, Lyubavitsh) (Kovets
Shalshelet ha-or; hekhal 9, sha'ar 3.)
Hebrew and Yiddish.
Title on t.p verso: Sefer Hasichos, 5747
Includes bibliographical notes and indexes.
Contents: kerech1. Erev Rosh HaShanah--Sh. P. Vayikra, 5 Nissan.
Kerekeh 2: 11 Nissan--Sh. P. Tavo, 18 Elul.
ISBN 0-8266-5765-6 (v.1)
1. Jewish Sermons, Hebrew. 2. Jewish Sermons, Yiddish.
3. Hasidism--Sermons. 4. Habad--Sermons.
I. Title. II. Title: Sihot, 5747. III. Title: Sefer hasichos, 5747.
IV. Series. V. Series: Sifriyat Otsar ha-Hasidim, Lyubavitsh.
BM740.2.S298 1988 Hebr
296.8'3322--cd20
Library of Congress Catalog Card #89-15226 CIP

*Printed in Israel*

בס"ד.

# להוצאה החדשה

בקשר עם יום הבהיר י"א ניסן – יום מלאות מאה ואחת שנה להולדת כ"ק אדמו"ר זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע,

הננו מדפיסים בהוצאה חדשה את ספר השיחות תשמ"ז (כרך ראשון).

ויה"ר שנזכה תיכף ומיד ממש לקיום היעוד „הקיצו ורננו גו'", ומלכנו נשאינו בראשם, וישמיענו נפלאות מתורתו, „תורה חדשה מאתי תצא".

## מערכת „אוצר החסידים"

מוצש"ק פ' שמיני, יום הבהיר כ"ה אדר-שני, ה'תשס"ג
מאה ושתים שנה להולדת הרבנית הצדקנית נ"ע זי"ע
ברוקלין, נ.י.

# מפתח ותוכן

## לשון הברכה שאמר כ"ק אדמו"ר שליט"א
## אחרי קבלת הפ"נ הכללי, ערב ראש השנה, ה'תשמ"ז

מפני כבוד הציבור איז איצטער ניט די צייט צו לייענען דעם פדיון (כללי), און מ'פאַרלאָזט זיך אויף דער חזקה פון יעדער אידן[1] און פון אַלע אידן, ובפרט שטייענדיק אין „אחרית שנה"[2], ערב ראש השנה[3] — אַז אַלע גוטע זאַכן זיינען אַריינגעשריבן אין דעם פדיון.

און דער אויבערשטער „יראה ללבב"[4], וועט זיכער ממלא זיין משאלות לבב כל אחד ואחד מבני ישראל, בתוך כלל ישראל, כולל — דאָס וואָס איז געשריבן אין דעם פדיון (כללי), און דאָס וואָס דאַרף דאָרט שטיין, און — בהוספה על זה,

און עס זאָל אַלעס נתמלא ווערן בטוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים, במהרה בימינו ממש.

ובמיוחד — מילוי הבקשה פון יעדער אידן און פון אַלע אידן, בתוך כלל ישראל, און אויך די בקשה פון דעם אויבערשטן אַליין (כביכול) — גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו[5], במהרה בימינו ממש.

און „בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו"[6], „קהל גדול ישובו הנה"[7] — לארצנו הקדושה, „ארץ[2] אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (וואָס דאָס גייט אויף ערב ר"ה, כנ"ל), ובאופן פון „ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[8],

און „כספם וזהבם אתם"[9], כספם וזהבם הרוחניים[10], עאכו"כ כספם וזהבם הגשמיים[11],

ובמהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.



1) דכל ישראל בחזקת כשרות — ראה רמב"ם הל' קידוה"ח פ"ב ה"ב. ועוד.

2) עקב יא, יב.

3) ראה אגה"ק סי"ד.

4) שמואל א טז, ז.

5) ובפרט אשר שנת תשמ"ז ר"ת „תהא זו שנת משיח", שנת משיח באופן ד„תהא" — בהוייתו תהא (ראה ברכות יג, א. מגילה ט, א. יז, ריש ע"ב. בכורות ד, ב. ובכ"מ), ו„זו" — באופן גלוי, מראה באצבעו ואומר (זו) זה (ע"ד מרז"ל שמו"ר ספכ"ג. ועוד).

6) כמש"נ ביצ"מ — בא י, ט. וכימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות — מיכה ז, טו.

7) ירמי' לא, ז.

8) ראה יב, כ ובספרי. שופטים יט, ח ובפרש"י. ועוד.

9) ישעי' ס, ט.

10) אהבה (שורש וכו' דכל רמ"ח מ"ע — תניא פ"ד) ויראה (שורש וכו' דכל שס"ה מל"ת — תניא שם) — ראה תו"א ר"פ וישב. תו"ח שם נח, א ואילך. לקו"ת בהעלותך לב, ד. ובכ"מ.

11) ועיקר הדין בר"ה הוא על דברים גשמיים (הגהות מיימוניות הל' תשובה פ"ג אות א בשם הרמב"ן. הובא בלקו"ת ר"ה נט, ב).

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א
## ערב יוהכ"פ, בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה, ה'תשמ"ז

א. ערב יום הכפורים איז כשמו — אַן ערב והכנה צו יום הכפורים.

כידוע תורת הבעש"ט[1], אַז דער שם בלשון הקודש פון יעדער זאַך גיט אַרויס דעם תוכן פון דער זאַך (און אַזוי אויך דער שם פון יעדער טאָג גיט אַרויס דעם תוכן פון דעם טאָג), און נאָכמער — ער איז אים אויך מהוה ומחי' ומקיים. אַזוי אויך דעם שם פון דעם טאָג (ע"פ תורת אמת) ערב יוהכ"פ — גיט אַרויס זיין תוכן, אַז ע"פ תורה האָט ער דעם כח (און כח התורה) אויף צוגרייטן דעם טאָג (ועניין) הבא לאחריו (כפירוש הפשוט אין אַלע ענינים וואָס ווערן אָנגערופן בשם „ערב" אין תורה — ערב שבת, ערב יו"ט, ערב יוהכ"פ וכיו"ב).

דערפון איז פאַרשטאַנדיק אַז בכדי צו וויסן דעם תוכן פון ערב יוהכ"פ דאַרף מען פריער פאַרשטיין דעם תוכן פון יוהכ"פ עצמו.

ב. דער ענין פון יוהכ"פ — „אחת בשנה"[2] — איז די עבודה מצד בחי' יחידה[3] שבנפש[4]. ד.ה. די דביקות הנשמה בשרשה ומקורה בעצמות א"ס וואָס איז דאָ בטבע בכאו"א מישראל, ניט קוקנדיק אויף זיין מעמד ומצב פרטי (כמבואר בתניא[5]).

וואָס די תשוקה טבעית איז מצד דעם וואָס דער עצם הנשמה (יחידה) נעמט זיך און איז מקבל מבחי' יחיד (יחידו של עולם)[6], אַ נשמה וואָס איז אַ „חלק אלוקה ממעל ממש" (בלשון פון דעם אַלטן רבי'ן בספר התניא[7]), ובלשון פון עץ חיים[8] — „יש ניצוץ קטן מאד שהוא בחי' אלקות כו' וזה הניצוץ מתלבש בכח ניצוץ אחד נברא כו' הנקרא יחידה כו'". און דער ניצוץ נברא (יחידה) איז איין זאַך מיטן ניצוץ בורא — „חבוקה ודבוקה בך כו' יחידה לייחדך"[9]. דעריבער האָט די נשמה אַ שטענדיקען רצון ותשוקה צו נכלל ווערן אין שרשה ומקורה בעצמות א"ס[10].

---

1) שער היחוד והאמונה פ"א. וראה לקו"א להה"מ סרמ"ד. או"ת להה"מ ד, סע"ב ואילך. ועוד.

2) ס"פ תצוה. אחרי טז, ל.

3) ראה תוד"ה עד אחת — מנחות יח, א.

4) ראה עטרת ראש שער יוהכ"פ פ"ב ואילך. ועיי"ש רפ"ה. קונטרס ההתפעלות (לאדהאמ"צ) פ"ד. ובכ"מ. ולהעיר מדרך חיים שער התשובה פי"ז. פי"ט.

5) פי"ח־יט. וראה קיצורים והערות לתניא שם (ע' צט) שבחי' חכמה שבנפש הוא נשמתא דנשמתא, שזה כולל בחי' יחידה (ד"ה אריב"ל תרפ"ח). וראה סה"מ עת"ר ע' כד.

6) לקו"ת ראה כה, א. ד"ה משכני במאמרי אדה"ז אתהלך לאזניא ע' קסט ואילך: באוה"ת שה"ש (כרך ג ע' תתטז ואילך): תרנ"ה: תרס"ח. סה"מ תרפ"ח ע' קיז. קונטרסים ח"ב שכז, א. ועוד.

7) רפ"ב.

8) שער דרושי אבי"ע פ"א. הובא בלקו"ת ראה כז, א. ועוד.

9) פיוט דהושענות (יום ג').

10) ראה בכ"ז תו"א צט, ב. לקו"ת ראה כה, א. שה"ש ו, ב. דרך חיים שער התשובה פ"ח ואילך. פכ"ט. שער התפלה פ"פ ואילך. קונטרס ההתפעלות (לאדהאמ"צ). קונטרס העבודה פ"ה. סה"מ עת"ר ע' ז־ח. ע' קמט ואילך. תרפ"ד ע' רצ. תש"ט ע' 118. מקומות שבהערה 6. ועוד.

און דעריבער זיינען אין דעם ניטאָ קיינע שינויים און דאָס בלייבט אַלע־מאָל בשלימות (אפילו ביי אַ קל שבקלים) — וואָרום דאָס איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט יחיד שלמעלה — „יחידה לייחדך", און פונקט ווי דער אויבער־שטער (יחיד שבעולם) איז אַלעמאָל קיים („אני ה' לא שניתי"[11]), אַזוי איז אויך יחידה שבנפש אַלעמאָל קיים.

און נאָכמער: בחי' יחידה איז ניט בלויז קיים תמיד, נאָר דאָס פועל'ט אויף דעם מענטשן, ביז אין עשי' בפועל. כידוע אַז גילוי יחידה פועל'ט בכחות הנפש ביז אין גשמיות הגוף[12]. ע"ד ובדוגמא ווי דאָס איז בנוגע לבחי' משה שבכאו"א מישראל — כמאחז"ל[13] עה"פ[14] „ועתה ישראל מה ה' אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה' אלקיך", „אטו יראה מילתא זוטרתי היא, אין לגבי משה מילתא זוטרתי היא", ד.ה. לגבי בחי' משה שבכאו"א (כמבואר בתניא[15]) — קומט אויס, אַז בחי' משה שבכאו"א פועל'ט אויף אים „ליראה את ה' אלקיך", און אויך (כהמשך הכתוב) — „ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו ולעבוד את ה"א גו' לשמור את מצוות ה' גו'" — כללות עבודת האדם, פון מחשבה (יראה ואהבה) ביז עשי' בפועל („ללכת בכל דרכיו גו' לשמור את מצוות ה'").

עאכו"כ בחי' יחידה שבנפש — וואָס דער אויבערשטער האָט „אָפּגעגעבן" יעדן אידן אַלס זיין אייגענע זאַך[16], און געגעבן אין אַן אופן פון „ממש"[17] (כהוספת אדה"ז על לשון הכתוב[18] „חלק אלוקה ממעל") — איז זיכער אַז דאָס (איז ניט בלויז קיים תמיד, נאָר) פועל'ט און גיט אים כח בכל עניניו ביז אין זיין הנהגה בעשי' בפועל.

די כוונה איז אָבער אַז אַ איד זאָל דאָס אַרויסברענגען מן הכח אל הפועל, מן ההעלם אל הגילוי, און מגלה זיין בפועל בחי' יחידה שבנפשו — אַרויסברענגען זיין התקשרות עצמית באלקות,

ביז אין אַן אופן אַז די התקשרות עצמית זאָל מאיר זיין און דורכנעמען כל מציאות האדם:

די כוונה למעלה איז געווען ניט אַז עס זאָל בלייבן בּאַ דעם וואָס דער ניצוץ בורא „מתלבש בכח ניצוץ אחד נברא כו' הנקרא יחידה", נאָר אַז יחידה זאָל נתלבש ווערן אין די אַנדערע חלקי הנשמה[19], חי', נשמה, רוח ונפש, ביז — אַז די נשמה (בכל ה' חלקי') זאָל יורד זיין למטה בעוה"ז הגשמי און נתלבש ווערן אין אַ גוף (וואָס אויך דאָרט בלייבט בחי' יחידה אַלעמאָל בשלימות); און אַ איד ע"י עבודתו זאָל מגלה זיין בפועל בחי' יחידה שלו מן הכח אל הפועל, אַזוי אַז דאָס זאָל בפועל מאיר זיין און דורכנעמען אַלע חלקי הנשמה

---

11) מלאכי ג, ו.

12) ראה דרך חיים שער התשובה פ"ח ואילך. שער התפלה פפ"ב ואילך. קונטרס העבודה שם (ע' 32 ואילך).

13) ברכות לג, ב (עפ"י גירסת העין יעקב. וכ"ה בתניא שבהערה 15). ועד"ז מגילה כה, א.

14) עקב י, יב.

15) רפמ"ב.

16) ובלשון המדרש: חמשה שמות נקראו לה, נפש רוח נשמה חי' יחידה (ב"ר פי"ד, ט. דב"ר פ"ב, לז. — בכמה מקומות ודפוסים הוא בשינוי סדר. אבל כ"ה בע"ח שבהערה 8. שער הגלגולים בתחלתו. ובכ"מ).

17) נת' במכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר מיום כ"א מנ"א תרח"ץ (אגרות קודש שלו ח"ד ע' תד. תז).

18) איוב לא, ב.

19) כהמשך לשון הע"ח שם.

און אַלע זיינע כחות, ביז זיין גאַנצע מציאות, אויך דעם כח העשי' הגשמית שלו (וואָס איז דער כח הכי תחתון) — גילוי בחי' יחידה בעשי' בפועל בגשמיות. כנ"ל אַז יחידה ווערט נתגלה דוקא בעשי' גשמית בפועל[20].

און דורך דעם — מגלה זיין בחי' יחיד שלמעלה (עצמותו ומהותו ית')[21] בכל חלקי סדר השתלשלות, ביז אין עוה"ז הגשמי, התחתון שאין תחתון למטה ממנו, ובלשון הידוע[22] — אַ דירה לו ית' בתחתונים, לו לעצמותו[23]. ד.ה. אַז בכל העולם כולו זאָל זיך אַנהערן בגלוי יחידו של עולם[24].

וואָס דאָס איז די עבודה מיוחדת פון יוהכ"פ („אחת בשנה") — די עבודה פון התגלות יחידה שבנפש בכל מציאות האדם, אַזוי אַז מ'זעט בגלוי ווי ער איז איין זאַך מיט דעם אויבערשטן („ניצוץ בורא"). ועי"ז — גילוי יחיד (שלמעלה) בעולם, הן בזמן והן במקום — אַז בכל יום ויום ובכל זמן וזמן במשך השנה, ובכל מקום ומקום שבעולם זאָל זיך אַנהערן בחי' יחידה (אחת) שבזמן ומקום זה.

ג. ובעבודה בפועל איז דאָס (די עבודה פון יחידה שבנפש) עבודת התשובה — וואָס יוהכ"פ איז „זמן תשובה לכל"[25]:

עבודת התשובה ביוהכ"פ איז תשובה עילאה[26], ובזה גופא — אַ דרגא הכי נעלית אין תשובה עילאה[27], כמובן מזה וואָס דאָס קומט לאחרי די עבודה פון תשובה תתאה בחודש אלול[28], און אויך נאָך עבודת התשובה בימי הסליחות, און אויך נאָך די תשובה עילאה בר"ה ובעשרת ימי תשובה[29].

וואָס דער ענין פון תשובה עילאה איז (ניט על החטא וכו', נאָר) „והרוח[30] תשוב אל האלקים אשר נתנה"[31], דביקות

---

20) ראה בהנסמן לעיל הערה 12, ברכה דערב יוהכ"פ אחרי תפלת מנחה תשמ"ו ס"ג (לקו"ש חכ"ט ע' 331) (ושי"נ). שזהו החידוש דיחידה שבנפש שהיא חודרת כל כחות הנפש, גם כח העשי', ואדרבה — כל הגבוה גבוה ביותר יורד למטה מטה יותר, עיקר גילוי יחידה היא דוקא בעשי' גשמית. וי"ל שזהו הטעם שעבודת יוהכ"פ היא בעינוי הגוף הגשמי, פעולת יחידה בגוף הגשמי. וראה בארוכה מכתב ערב שבת סליחות תשמ"ה (לקו"ש שם ע' 521).

21) כי ע"י גילוי בחי' יחידה שבנפשו נעשה גילוי בחי' „ניצוץ בורא" (שחד הוא עם יחידה שבנפש), כדלקמן, ועי"ז נעשה כביכול גילוי עצמותו ומהותו ית', כי העצם כשאתה תופס במקצתו (ניצוץ בורא) אתה תופס בכולו (מאמר הבעש"ט — הובא בהמשך תרס"ו ע' תקכב. המשך תער"ב ח"א ע' תטו. תקנג. ח"ב ע' א'פא. הוספות לכש"ט (הוצאת קה"ת) סקט"ז). וראה גם שיחת ליל שמח"ת לפני הקפות תשמ"ו (לקו"ש חכ"ט ע' 3-362).

22) ראה תנחומא נשא טז. בחוקותי ז. במדב"ר פי"ג, ו. תניא פל"ו.

23) ראה מאמרי אדה"ז תקס"ה (כרך א) ע' תפט. אוה"ת בלק ריש ע' תתקצז. שה"ש (כרך ב) ע' תרפ. המשך תרס"ו ס"ע ג. ועוד.

24) ראה גם ברכה דערב יוהכ"פ אחרי תפלת מנחה תשמ"ב (לקו"ש חכ"ד ע' 562 ואילך). תשמ"ו ס"א.

25) רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ז. וראה לקו"ש חכ"ט ע' 203 ואילך.

26) לקו"ת תצא לו, ג. לז, ד. מאמרי אדה"ז תקס"ה (כרך ב) ע' תתמא. סה"מ תרל"ו (כרך ב) ע' שמט. עטר"ת ע' תרכ ואילך. ועוד.

27) ולהעיר ששבת היא תשובה עילאה (אגה"ת פ"י). ועפ"ז נמצא שיוהכ"פ, „שבת שבתון" (אחרי טז, לא. אמור כג, לב), היא תשובה עילאה שבתשו"ע.

28) סה"מ עטר"ת שם. וראה סה"מ תרל"ו שם.

29) ראה לקו"ת דרושים לשבת שובה סו, ג. סז, ד. סה"מ תרכ"ט ע' שט. ס"ע שיג ואילך. תרס"ד ע' שנד ואילך.

30) קהלת יב, ז.

31) ראה לקו"ת בלק עד, א (ושם עה, ריש ע"ב). שבת שובה סו, ג. סה"מ קונטרסים ח"א קלה, ב.

הנשמה בשרשה ומקורה. דערפאַר איז דאָס (תשו"ע) דוקא בשמחה רבה[32]. וואָס דאָס איז די עבודה מצד יחידה שבנפש — כידוע אַז די עבודה פון יחידה שבנפש דריקט זיך אויס אין תשובה עילאה[33] — דביקות הנשמה בשרשה ומקורה, "יחידה לייחדך", גילוי התקשרות הנשמה באלקות.

און דערפאַר איז תשובה עילאה דער ענין התורה, ובזה גופא — די לוחות האחרונות שניתנו ביוהכ"פ[34], תורה באופן פון "כפליים לתושי'"[35] — וואָרום דורך תורה[36] ווערט קוב"ה וישראל כולא חד[37] — "יחידה לייחדך".

ועפ"ז י"ל הדיוק אין דעם וואָס יוהכ"פ איז "זמן תשובה לכל" — וואָרום דער ענין פון גילוי בחי' יחידה ביוהכ"פ איז דאָ "לכל", ביי אַלע אידן.

[און אויך דער ענין התורה (תשו"ע) איז דאָ באַ אַלע אידן, ניט נאָר ביי אנשים נאָר אויך באַ נשים וטף, כמ"ש[38] "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", און אויך זיי זיינען מחוייב בלימוד התורה: בנוגע לנשים — כמבואר בחותם פרק ראשון דהל' תלמוד תורה לאדה"ז[39]; ובנוגע לטף — מצד ענין החינוך. ובפרט ע"פ ביאור הצ"צ[40] (בדברי הרמב"ם[41]) אַז "שמא גם על הקטן יש חיוב מדאורייתא" בתלמוד תורה].

און דער ענין פון תשובה עילאה (תורה) — יחידה — איז מגלה בחי' יחידה שבנפש בבל הכחות כולם[42], ביז אַז דאָס נעמט דורך דעם גאַנצן מענטשן, אויך זיין הנהגה בפועל בעשי' הגשמית. ועי"ז — גילוי בחי' יחידה שלמעלה בעוה"ז הגשמי, כנ"ל.

ד. וואָס דאָס גיט אַ ביאור (אין אותיות השכל) אין תורת הרב המגיד[43] [וואָס ער איז דער מקשר און ממוצע צווישן דעם בעש"ט און דעם אַלטן רבי'ן, שנזכרה תורתם לעיל: און דערנאָך איז דאָס אויך געוואָרן אַ תורה פון דעם אַלטן רבי'ן[44]] במאחז"ל[45] "דע מה למעלה ממך" — "דע", אַז "מה למעלה" הענגט דאָס אָפּ "ממך":

וויבאַלד אַז יעדער איד האָט אין זיך בחי' יחידה וואָס איז איין זאַך מיטן "ניצוץ בורא", און בחי' יחידה שבו איז אַלעמאָל בשלימות ביז אַז דאָס פועל'ט און נעמט דורך זיין גאַנצע מציאות אויך זיין כח העשי' הגשמית — איז פאַרשטאַנדיק (ובאופן של ידיעה ("דע"), נוסף אויף שכל והבנה (חכמה ובינה)) פאַרוואָס "מה למעלה" (באַ דעם בורא) איז דאָס "ממך", וואָרום אַלע פעולות

32) אגה"ת פי"א (קא, רע"א).

33) לקו"ת ראה כז, א. שה"ש מט, סע"ב. ועוד. וראה שם נא, א.

34) משנה תענית כו, ב ובפרש"י. גמרא שם ל, ב.

35) איוב יא, ו. שמו"ר פמ"ו, א. וראה אוה"ת תשא ס"ע ב'נו ואילך. סה"מ עזר"ת ע' לא. תרצ"ט ע' 61 ואילך. תש"י ע' 36. ועוד.

36) ובפרט שתורה עצמה היא בחי' יחידה — ראה לקמן (ע' 23) בהברכה להתלמידים שיחיו לפני כל נדרי ס"ג.

37) ראה זח"ג עג, א. לקו"ת שה"ש טז, ד. סה"מ תרנ"ז ע' כז ואילך. הש"ת ע' 61. ובכ"מ.

38) פרשתנו (ברכה) לג, ד.

39) וראה גם ספר חסידים סי' שיג. ב"י או"ח סמ"ז. רמ"א יו"ד סרמ"ו ס"ו. ועוד.

40) פסקי דינים שלו — חידושים על הרמב"ם בתחלתו.

41) הל' ת"ת פ"א ה"ג.

42) ראה דרך חיים (שער התשובה) פי"ב שנוסף לתשובה כללית מצד יחידה שבנפש צ"ל תשובה פרטית מצד נרנ"ח.

43) לקו"א להה"מ סקצ"ח. או"ת להה"מ קיב, ב.

44) ס' השיחות תש"ד ע' 23. "היום יום" יג אייר.

45) אבות פ"ב מ"א.

„ממך" (אפילו אַ פעולה בעשי' הגשמית) נעמט זיך פון בחי' יחידה, וואָס איז איין זאַך מיט דעם „ניצוץ בורא".

דערמיט איז אויך פאַרשטאַנדיק ווי אַ איד האָט בכח צו אויפטאָן (ע"י גילוי בחי' יחידה שבנפשו) גילוי בחי' יחיד שלמעלה (עצמותו ית') בכל העולם כולו — וואָרום מה־דאָך אַז אַ פעולה גשמית פון אַ אידן למטה (אפילו אין אַ דבר קטן) טוט אויף למעלה (וויבאַלד אַז יעדער פרט פון אַ אידן נעמט זיך פון בחי' יחידה שבנפשו), עאכו"כ אַז דער עצם ענין פון גילוי בחי' יחידה שבנפשו, וואָס דאָס גופא איז דער גילוי פון דעם „ניצוץ בורא" (ווי ער ווערט נתאחד מיט דעם ניצוץ נברא הנקרא יחידה) — טוט אויף גילוי בחי' יחיד שלמעלה (אין עוה"ז הגשמי).

ה. אַ תוספות ביאור בזה [בענין התגלות יחידה ביוהכ"פ] האָט מען לויט דעם וואָס דער מיטעלער רבי איז מבאר[46] אין דעם ענין פון ראש השנה:

בראש השנה זיינען כל הדברים חוזרים לקדמותם[47], און אידן דאַרפן דעמולט מעורר וממשיך זיין אַ המשכה חדשה פון פנימיות התענוג, בחי' תענוג הפשוט שבעצמותו ית', און דורך דעם זאָל נמשך ווערן גאַנץ סדר השתלשלות מחדש, ביז אַז דאָס טוט אויף אַ שינוי אויך אין חיצוניות העולמות, עוה"ז הגשמי.

אין אַנדערע ווערטער הייסט עס אַז בר"ה ווערט נמשך אַ המשכה חדשה פון בחי' יחידה שלמעלה (בחי' תענוג בכחות הנפש[48]) — און דאָס ווערט נמשך למטה מטה, ביז אין עוה"ז הגשמי.

און דער ענין ווערט אויפגעטאָן דורך עבודת האדם [„ממך"] — דורך דעם וואָס אַ איד איז ממליך דעם אויבער־שטן בר"ה („תמליכוני עליכם"[49]) אַלס „מלך ישראל"[50], און אויך „מלך על כל הארץ"[51] — גילוי מלכותו ית' בכל העולם כולו, אַזוי אַז בכל העולם הערט זיך אַן יחידו של עולם (יחיד דלמעלה).

אַזוי ווי אדם הראשון האָט אויפגע־טאָן ביום בריאתו (ראש השנה הראשון) — אַז ער האָט געררופן כל הנבראים (דומם צומח וחי) „בואו נשתחוה ונכרעה נברכה לפני ה' עושנו"[52]. וואָס אדם האָט דאָס געטאָן מיטן כח אַז ער איז בדומה צו יחידה שלמעלה (יחידו של עולם) — „אדם" על שם „אדמה לעליון"[53], „נברא אדם יחידי"[54], „הן האדם הי' כאחד ממנו"[55].

וי"ל אַז פון אדם הראשון ווערט נמשך דער כח צו יעדער אידן צו ממשיך

---

46) סידור שער התקיעות ד"ה להבין ענין תקי"ש עפ"י כוונת הבעש"ט.

47) ראה פע"ח ושער הכוונות שער ר"ה. סידור האריז"ל במקומו. ובכ"מ. לקו"ת נצבים נא, ב. ובכ"מ.

48) ראה אמרי בינה שער הציצית פ"ד. פי"ח. פכ"א. תו"ח לך צה, ג ואילך. סה"מ תרס"ג ע' כד ואילך. וראה רמ"ז (לזח"ב מ, ב (נדפס במק"מ קמז, ב). הובא בסה"מ שם ע' לח) שיחידה היא פנימיות עתיק.

49) ר"ה טז, א. לד, ב.

50) תפלת מוסף דר"ה (ברכת מלכיות) מישעי' מד, ו.

51) תפלת העמידה דר"ה (חתימת ברכת „אלקינו כו' מלוך כו'"), וכן בקידוש ובברכת ההפטרה.

52) תהלים צה, ו. פדר"א פי"א. זהר ח"א רכא, ב. ח"ג ס"פ אמור. וראה גם תקו"ז תנ"ו (צ, ב).

53) ס' עשרה מאמרות מאמר אם כל חי ח"ב פל"ג. של"ה ג, א. כ, ב. רסח, ב. שח, ב. ועוד.

54) משנה סנהדרין לז, א.

55) בראשית ג, כב. וראה מגלה עמוקות אופן קעה.

ומגלה זיין בראש השנה יחידו של עולם בעוה"ז הגשמי כולו — התגלות בחי' יחיד שלמעלה בגשמיות העולם.

וכמבואר אין די דרושים פון דעם צ"צ[56] און רבי'ן מהר"ש[57] בענין „את ה' האמרת היום גו' וה' האמירך היום"[58], אַז „את ה' האמרת" גייט אויף דעם ענין פון „אמרו לפני מלכיות כו' שתמליכוני עליכם"[49] בראש השנה („היום"[59]). און אין דעם („האמרת" און „האמירך") זיי־נען דאָ ג' פירושים: ל' רוממות ושבח ותענוג, ל' דיבור, ל' לבוש.

והענין בזה: „היום" (ראש השנה) זיי־נען אידן מעורר דעם („האמרת" מלשון) תענוג דלמעלה (בחי' יחידה) — ווייל בכדי עס זאָל זיין די התחדשות רצון למלוכה למעלה בר"ה — דאַרף צום אַלעם ערשטן זיין המשכת (פנימיות) התענוג למלוכה (כמבואר בסידור הנ"ל). דערנאָך דאַרף די מלוכה אַראָפּ־קומען בפועל, דאַרף מען דערצו האָבן בריאת העולמות, וואָס דער סדר בזה איז — אַז פון תענוג דאַרף עס נמשך ווערן פריער בבחי' סובב, מקיף („האמרת" מלשון לבוש), דערנאָך בבחי' ממלא, פנימיות („האמרת" מלשון דיבור), בנין עולם הדיבור, ביז — עוה"ז הגשמי.

און דורך דעם ווערט „וה' האמירך היום", אַז דער אויבערשטער גיט אַריין אין אַלע פעולות פון אידן אַ סייעתא דשמיא למעלה מדרך הרגיל, און אויך אין אַלע ג' ענינים הנ"ל: אָנהויבנדיק פון המשכת יחידה (תענוג), און דערפון ווערט עס נמשך אין סובב און ממלא, ובפשטות — אין זייערע ענינים גשמיים. כידוע אַז דער עיקר הדין בר"ה איז אויף דברים גשמיים[60].

ו. און די שלימות הגילוי פון המשכת יחידה שלמעלה בעוה"ז הגשמי (בראש השנה) — איז ביוהכ"פ,

כמבואר בלקו"ת[61] אַז יוהכ"פ „נק' ג"כ ראש השנה", ראש השנה בבחי' פנימיות — איז דערפון פאַרשטאַנדיק, אַז ביוהכ"פ ווערט די שלימות ההמשכה בפנימיות פון אַלע ענינים דר"ה, כולל — דער (ענין עיקרי שבו) גילוי בחי' יחיד שלמעלה בעוה"ז הגשמי.

וכמבואר בכ"מ[62] אַז דער גמר ועיקר ושלימות ההמשכה פון בנין המלכות בר"ה (דורך די ג' ענינים פון מלכיות זכרונות ושופרות, ממלא סובב ועצמותו ית' שלמעלה משניהם. וי"ל אַז דאָס איז כנגד די דריי ענינים אין „האמרת" הנ"ל) ווערט ביוהכ"פ, וואָרום דעמולט איז דאָ „אמיתית הגילוי דלעתיד", בחי' עונג העצמי (העכער פאַר אכו"ש, בדוגמת עוה"ב וואָס אין בו לא אכילה ולא שתי'[63]) — גילוי בחי' יחידה למטה.

ז. ויש להוסיף ולהעיר:

דער יום הילולא פון דעם רבי'ן מהר"ש (בי"ג תשרי) איז בסמיכות

---

56) אוה"ת תבוא ע' תתרנו ואילך. תתרסט ואילך. תתרפ ואילך. וראה גם הוספות לאוה"ת דברים כרך ד ע' א'תתקסז.

57) סה"מ תר"ל ע' רצ ואילך. וראה גם ד"ה את ה' האמרת דליל ערב ר"ה תשמ"ז.

58) תבוא כו, יז־יח.

59) ראה גם רמ"ז לזח"ב לב, ב. זח"ג רלא, א. פענח רזא ס"פ נצבים. לקו"ת תבוא מא, ג. שם ר"פ נצבים.

60) לקו"ת דרושים לר"ה נט, ב מהגהות מיימוניות הל' תשובה פ"ג אות א בשם הרמב"ן.

61) שם נח, א. סד, א.

62) המשך תרס"ו בסופו (ע' תקמו — הוצאת קה"ת, תשל"א ושלאח"ז).

63) ברכות יז, א.

ובהמשך הג' ימים פון יוהכ"פ — וואָס דאָס ווייזט אַז זיי האָבן צווישן זיך אַ שייכות, ביז אַז זיי ווערן אַ מציאות אחת[64]. כמודגש ביותר בשנה זו, ווען (ערב יוהכ"פ און) יוהכ"פ און י"ג תשרי ווערן אַלע געבענטשט פון דעם זעלבן שבת, שמיני' מתברכין כולהו יומין דשבוע הבא[65], ובפרט די ימי סגולה שבו.

ויש לומר השייכות: ביום הילולא פון אַ צדיק איז „כל מעשיו ותורתו אשר עבד כל ימי חייו"[66] בעלמא דין „מתגלה[67] ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה . . ופועל[68] ישועות בקרב הארץ". איינער פון די ענינים עיקריים בעבודת בעל ההילולא די"ג תשרי [וואָס איז געווען אַן עבודה כללית פון אַ נשיא — „הנשיא הוא הכל"[69]] איז — כפתגם והוראה שלו הידועה — אַז מ'דאַרף גיין מלכתחילה אַריבער[70]. וואָס דאָס מיינט בפשטות: אפילו אין הנהגת האדם בענינים גשמיים כפשוטו — דאַרף ער זיך פירן באופן פון מלכתחילה אַריבער. וי"ל אַז דאָס איז דער ענין פון המשכת יחידה בעוה"ז הגשמי.

ועפ"ז איז מובן די שייכות פון יוהכ"פ — „אחת בשנה" (המשכת יחידה בעוה"ז הגשמי) מיט י"ג תשרי, אח"ד בתשרי[71] — לכתחילה אַריבער.

ח. לאחרי הביאור אין דער עבודה פון יוהכ"פ, איז אויך פאַרשטאַנדיק דער תוכן העבודה פון ערב יוהכ"פ:

בערב יוהכ"פ — דער ערב והכנה צו יוהכ"פ — גיט מען אַ אידן די כחות צוצוגרייטן זיך צו דער עבודה פון התגלות יחידה שבנפש — די התקשרות עצמית פון אַ אידן אין אלקות, און דאָס אַראָפּברענגען אין אַלע זיינע כחות ביז אין זיין הנהגה בפועל, ביז אין עשי' הגשמית.

נאָכמער: ניט נאָר איז ערב יוהכ"פ אַ הכנה צו יוהכ"פ, נאָר ער טוט אויף דעם זעלבן ענין כביכול וואָס יוהכ"פ טוט אויף. ווי תורת אמת[72] זאָגט „כל האוכל ושותה בתשיעי כו' כאילה התענה תשיעי ועשירי". ד.ה. אַז די אכילה ושתי' פון ערב יוהכ"פ טוט אויף דעם זעלבן ענין ווי דער תענית („התענה") פון יוהכ"פ (און נאָכמער — „כאילו התענה תשיעי ועשירי").

ובפרט ע"פ המבואר אין פע"ח[73], אַז די אכו"ש בערב יוהכ"פ טוט אויף דעם ענין סיי פאַר ערב יוהכ"פ („תשיעי") און סיי פאַר יוהכ"פ („עשירי"). ווי דאָס דריקט זיך אויס אין דעם וואָס בערב יוהכ"פ דאַרף מען עסן „כפי שיעור ב' ימים ערב יוהכ"פ ויוהכ"פ" (ווי אַראָפּגעבראַכט אויך אין פוסקים[74]) — ווייל

---

64) כידוע שג' ימים נחשבים למציאות אחת — ראה: פסחים קו, סע"א. רמב"ם הל' שבת פכ"ט ה"ד. שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ה ס"ה. סרצ"ט ס"ח. ולהעיר מהדין דכל פחות מג' כלבוד דמי — רמב"ם שם פט"ז ה"ח. ובכ"מ.

65) זח"ב סג, ב. פח, א.

66) אגה"ק ביאור לסי' זך (קמז, א ואילך). וראה סידור שער הל"ג בעומר (דש, ב־ג). ד"ה להבין ענין הילולא דרשב"י תקס"ד (סה"מ תקס"ד ע' קד). מאמרי אדמו"ר האמצעי ויקרא ח"ב ע' תרסו ואילך. ד"ה הנ"ל תרנ"ד, עטר"ת. ועוד.

67) אגה"ק סכ"ח (קמח, א).

68) תהלים עד, יב.

69) פרש"י חוקת כא, כא.

70) הובא במכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר (אגרות קודש שלו ח"א ע' תריז).

71) להעיר מכ"ר פ"ג, ח: יום אחד . . הכפורים.

72) יומא פא, ב. וש"נ.

73) שער יום הכפורים פ"א.

74) סידור אדה"ז לאחרי סדר כפרות. אשל אברהם (להרה"צ כו' מבוטשאטש) לשו"ע או"ח ר"ס תרד.

די אכילה פון ערב יוהכ״פ איז סיי אַן אכילה פון ערב יוהכ״פ און סיי (במקומה פון) אַן אכילה (כפשוטה) ביוהכ״פ[75].

און נאָכמער[76]: דער תענית דיוהכ״פ איז „סוד אכילה ושתי׳ פנימית״. — ווײַל אַז דאָס איז דער ענין פון „לחיותם ברעב״[77], כמבואר בלקו״ת[78] אַז דער „רעב״ דיוהכ״פ (ע״י התענית) גיט חיות צו דער נשמה, און דערפון קומט עס אַראָפּ אין חיות הגוף [גילוי בחי׳ יחידה — תענוג הפשוט (שלמעלה מאכו״ש) — אין גוף]. — און בכדי צוצוקומען צו דער „אכילה פנימית״, דאַרף פריער זיין די „אכילה חיצונית״ (אכילה כפשוטה) בשלימות בערב יוהכ״פ, וואָס דאָס איז אַ הכרח ותנאי און די כלים אויף צו קע־נען מקבל זיין „אכילה פנימית״ ביוהכ״פ.

ועפ״ז יש לומר, אַז אין דער עבודה פון גילוי היחידה בעוה״ז הגשמי איז דאָ אַן עילוי בערב יוהכ״פ אפילו לגבי יוהכ״פ עצמו[79] — ווײַל דער גילוי היחידה וואָס ווערט אויפגעטאָן ביוהכ״פ דורך „התענה״, ווערט אויפגעטאָן בערב יוהכ״פ דורך אכו״ש כפשוטו, מאכלים גשמיים — „כל האוכל ושותה בתשיעי כו׳ כאילו התענה תשיעי ועשירי״[80].

ט. עפ״ז איז מובן, אַז שטייענדיק בערב יוהכ״פ האָט מען ספּעציעלע כחות אויף צו טאָן די עבודה פון יוהכ״פ בכלל — גילוי יחידה שבנפש, און אין אַן אופן אַז דאָס זאָל דורכנעמען דעם גאַנצן מענטשן, ביז אויך זיין הנהגה בפועל און פעולות גשמיות.

ובפרט אַז מ׳שטייט בערב יוהכ״פ עצמו, נאָך תפלת מנחה, וואָס „אליהו לא נענה אלא בתפלת המנחה״[81], וואָס אליהו הנביא זכור לטוב איז מבשר הגאולה[82], ער איז דער מכריז ומודיע ומבשר וועגן ביאת משיח צדקנו בגאולה האמיתית והשלימה — וואָס דעמולט וועט זיין די שלימות הגילוי פון בחי׳ יחידה ותענוג בגשמיות העולם.

און פון ערב יוהכ״פ ויוהכ״פ וכללות עשרת ימי תשובה אָנהויבנדיק פון ראש השנה — ווערט עס נמשך על כל השנה כולה, כידוע[83] אַז אַלע טעג פון חודש תשרי אותיות רשית[84] זיינען ימים כלליים פון וועלכע עס ווערט נמשך על כל ובכל השנה כולה,

ובפרט די ערשטע צען טעג (עשרת ימי תשובה), אָנהויבנדיק פון ראש השנה — דער ראש פון כל השנה וואָס איז כולל כל ימי השנה און פירט מיט זיי אַן אויך ווי זיי שטייען במקומם[85], און סיומו

---

75) וראה שו״ע אדה״ז סר״ד ס״א „כיון שיוהכ״פ עצמו א״א לכבדו במאכל ובמשתה כדרך שמכבדין שאר יו״ט, צריך לכבדו ביום שלפניו״.

76) כמבואר בפע״ח שם.

77) תהלים לג, יט. — בלקו״ת שבהערה הבאה: ולהחיותם . . לחיותם . . להחיותם . . ולהחיותם.

78) שה״ש יד, ב.

79) ראה גם ברכת ערב יוהכ״פ לאחרי תפלת מנחה תשמ״ו ס״ב־ד (לקו״ש חכ״ט ע׳ 330־332).

80) ראה גם לקו״ש חכ״ד ע׳ 564.

81) ברכות ו, ב. וראה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה כו׳ תרנ״ד (סה״מ תרנ״ד ע׳ פז ואילך), עזר״ת (סה״מ עזר״ת ע׳ פב ואילך), תרצ״א (סה״כ הקונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

82) פרש״י בחוקותי כו, מב. וראה תיב״ע וארא ו, ח. ילק״ש ר״פ פינחס. רמב״ם הל׳ מלכים פי״ב ה״ב.

83) מאמרי אדה״ז תקס״ו ע׳ שעט. אוה״ת סוכות ע׳ א׳תשנו. ברכה ע׳ א׳תתסו. סה״מ תרנ״ד ע׳ לו. תרנ״ו ע׳ רעח. תש״ב ע׳ 49.

84) בעל הטורים עה״פ עקב יא, יב. אוה״ת סוכות שם. סה״מ תר״ל ע׳ רפז. תרנ״ו ע׳ רעז.

85) ראה לקו״ת תבוא מא, ג. נצבים מז, א. דרושים לר״ה נח, א. עטרת ראש שער ר״ה בתחלתו. ובכ״מ.

ביוהכ"פ וואָס „נק' ג"כ ראש השנה", ראש השנה בבחי' פנימיות.

ועד"ז איז מובן בנוגע צו די ימים בינתיים, כולל ערב יוהכ"פ (ערב ראש השנה בבחי' פנימיות) — ווי עס שטייט אין סידור האריז"ל[86], אַז די שבעה ימים רצופים פון די עשי"ת (בין ר"ה ויוהכ"פ) זיינען כנגד די שבעה ימים פון אַלע שבועות שבשנה שעברה, על מנת זיי צו מתקן ומשלים זיין[87] (אויך מלשון שלימות). וי"ל[88] (ע"פ הנ"ל אַז די ימים בחודש תשרי אותיות ראשית זיינען ימים כלליים על שנה הבאה) אַז זיי זיינען אויך כנגד די שבעה ימים פון אַלע שבועות שבשנה הבאה עלינו ועל כל ישראל לטובה — על מנת זיי צו צו־גרייטן און אין זיי משפיע זיין, אַז זיי זאָלן זיין שלמים בכל הענינים, [ולהוסיף בנוגע לערב יוהכ"פ בשנה זו — ביום ראשון (בשבוע), מלשון ראש],

ובמיוחד — אין דער עבודה פון גילוי בחי' יחידה ביז אין הנהגה בפועל (די עבודה פון ערב יוהכ"פ)[89], אַז בכל יום מימי השנה זאָל זיך הערן דער „אחת בשנה" (בחי' יחידה) פון דעם טאָג,

צוזאַמען מיט דעם כללות הענין — אַז עס זאָל זיין אַ שנת סליחה מחילה וכפרה (ענינו של יוהכ"פ[90], והתחלתו איז בערב יוהכ"פ לאחרי הוידוי בתפלת מנחה[91]).

און דאָס אַלץ ווערט אויפגעטאָן מתוך תענוג ופנימיות התענוג (יחידה בכחות הנפש), וואָס שלימות המשכתו איז (כנ"ל ס"ו) ביוהכ"פ (ר"ה בבחי' פנימיות), ומתוך שמחה וטוב לבב [וואָס איז אַן עיקר אין עבודת ה' בכלל, כמ"ש[92] „עבדת את ה' אלקיך בשמחה ובטוב לבב", וכמבואר אין כתבי האריז"ל[93] אַראָפּגעבראַכט אין ספר התניא[94]], און נאָכמער — שמחה וטוב לבב ווי ס'איז פאַרבונדן מיט שלימות התענוג ופני־מיות התענוג.

יו"ד. וכשם ווי אידן טוען אויף ע"י עבודתם (גילוי יחידה שבנפש בעוה"ז הגשמי), „את ה' האמרת היום" — ווערט אַזוי אויך נמשך מלמעלה (וואָרום „מה למעלה" איז תלוי „ממך"), „וה' האמירך היום", גילוי בחי' יחיד ותענוג העליון, ביז פנימיות התענוג פון עצמותו ית', און דאָס ווערט נמשך ונתגלה למטה מטה בעוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו,

ובפשטות — אַז אידן ווערן גע־בענטשט מיט אַלע ענינים, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות כפשוטם, ואדרבה — בעיקר בגשמיות וואָס אויף דעם איז דער עיקר דין (וזוכים בדין) בר"ה ויוהכ"פ (פנימיות ר"ה), כנ"ל.

* * *

יא. בכל הנ"ל (וואָס איז בשוה בכל שנה ושנה, אומאָפּהענגיק פון אופן

86) להר"ש מרשקוב — סדר עשי"ת. ועד"ז בפע"ח שער תפלות ר"ה ספ"ו. שער הכוונות דרושי ר"ה (לפני דרוש הא').

87) ראה גם פרדס שער השערים פ"ג. ראשית חכמה שער היראה פ"י. של"ה מסכת חולין קכ, ב.

88) ראה גם שיחת ש"פ האזינו (התוועדות א') תשד"מ בתחלתה.

89) להעיר שזהו גם העבודה בכללות עשי"ת — ראה לקו"ת תבוא מג, סע"ד. וראה לקו"ש חי"ד ע' 145. וש"נ. ברכת ערב יוהכ"פ לאחרי תפלת מנחה תשמ"ו ס"ג (לקו"ש חכ"ט ע' 331).

90) רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ז.

91) ראה לקו"ש חכ"ד ע' 562 ובהערה 1.

92) תבוא כח, מז.

93) ראה שער רוה"ק (י, ב — בהוצאת ירושלים תער"ב). של"ה מט, א. שפו, א.

94) פכ"ו (לג, א).

קביעות השנה) — קומט צו אַ הדגשה מיוחדת מצד די ענינים מיוחדים פון ערב יוהכ"פ בשנה זו:

הייאנטיקער יאָר איז אַ שבת'דיקער יאָר: א) דער יאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיט יו"ט של ראש השנה שחל להיות בשבת. און דער „קאָפּ" פון יאָר שטעלט אָוועק דעם גאַנצן יאָר, וואָרום ער איז כולל אין זיך כל ימי השנה, און פון אים ווערט נמשך אויך ווי די ימי השנה שטייען במקומם. ב) ס'איז אַ שנת השמיטה — „שבת לה'"[95].

והענין בזה: שבת בכלל איז ענינו תענוג[96]. ונוסף לזה וואָס שבת האָט תענוג מצ"ע (מצד „מקדשא וקיימא"[97]), גיט שבת אויך כח צו אַ אידן אַז עס זאָל זיין „וקראת לשבת עונג"[98], און נאָכמער — „המענג את השבת"[99] (מוסיף זיין תענוג אין שבת מער ווי שבת פאַרמאָגט מצ"ע[100]).

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז ווען ר"ה איז חל להיות בשבת ווערט דעמולט דער תכלית השלימות פון המשכת תענוג ויחידה שלמעלה (כמדובר לעיל אַז יחידה איז תענוג בכחות הנפש) וואָס ווערט אויפגעטאָן בר"ה דורך עבודת האדם בגילוי בחי' יחידה (תענוג) שבנפשו (כנ"ל ס"ה) — וואָרום שבת גיט אויף דעם אַ תוספת כח.

וכמבואר בהמשך יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת פון דעם רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע[101], און אויך אין די מאמרים (ובפרט די) מיט דער זעלבער התחלה (קאָפּ, ראש) פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[102] — אַז בשעת יו"ט של ר"ה חל להיות בשבת ווערן אַלע המשכות פון תק"ש אויפגעטאָן ע"י שבת עצמו, ווייל בשבת (וי"ל — בפרט בזמן רעוא דרעוין) ווערט נמשך בחי' תענוג הפשוט (יחידה), המשכת העצמות (שלמעלה מסובב וממלא) און דאָס ווערט נמשך אין סובב וממלא (און דורך אמירת פסוקי מלכיות זכרונות ושופרות, ווערט נמשך נאָך אַ העכערע דרגא בזה, ע"ד די דרגא פון תענוג הפשוט דיוהכ"פ — תורה דלוה"א) — התגלות מלכותו ית' בעולם — מעין ובדוגמא ווי ס'וועט זיין בשלימות לע"ל אין דער דירה לו ית' בתחתונים, לו לעצמותו.

עאכו"כ אַ יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת (בימים) אין אַ שנת השמיטה (שבת בשנים) — וואָס כל השנה כולה איז ענינו עונג (יחידה) [וכמודגש אויך אין דברי המדרש[103] (בנוגע צו שבת בימים ושבת בשנים) — „כל השביעין חביבין", ענין החביבות ותענוג, וואָס איז נאָכמער ווי אהבה סתם].

און פון ראש השנה (שחל להיות בשבת) ווערט נמשך דער ענין העונג (יחידה) על כל ימי השנה, ובפרט אַז כל ימי השנה זיינען אַ שבת בשנים (שמיטה). ובמיוחד ווערט עס נמשך (פון ר"ה) אין ערב יוהכ"פ, ר"ה בפנימיות,

95) בהר כה, ב.

96) ראה רמב"ם הל' שבת פ"ל. טושו"ע או"ח סרמ"ב ובנ"כ שם. שו"ע אדה"ז או"ח שם. וראה סה"מ תרפ"ד ע' דש וסה"מ תש"ט ע' 130 ובהערה שם. ועוד.

97) ביצה יז, א. וראה סה"מ ה'ש"ת ע' 61 ואילך.

98) ישעי' נח, יג. וראה אוה"ת נ"ך (כרך א) עה"פ (ע' רעז ואילך).

99) שבת קיח, סע"א ואילך.

100) ראה סה"מ ה'ש"ת שם.

101) תרס"ו (ע' תקמג ואילך).

102) ראה המשך יו"ט של ר"ה תרצ"ו (סה"מ קונטרסים ח"ג ע' קנז ואילך). ובכ"מ.

103) ויק"ר פכ"ט, יא.

און „שבת[104] שבתון"[105] — דער שלימות אין המשכת התענוג (יחידה), כנ"ל.

און נוסף לזה וואָס שבת (יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, און שנת השמיטה) גיט אַ תוספת כח אויף המשכת תענוג ויחידה בכלל — גיט עס אויך כח אַז די המשכת התענוג (יחידה) זאָל זיין אין עוה"ז הגשמי[106]:

דער תענוג פון יום השבת טוט אויף אַז אַ מענטש דאַרף זיך דעמולט פירן אין אַן אופן פון „כל מלאכתך עשוי'"[107]. ד.ה. אַז דער תענוג למעלה ברוחניות פון שבת, נמשך און גיט אַריין אַ ברכה אין די דברים גשמיים פון דעם אידן — אַז „כל מלאכתך עשוי'"[108].

עד"ז דער תענוג פון שנת השמיטה איז ממשיך ברכה אין די נכסים גשמיים פון אידן, כמקרא מלא דיבר הכתוב[109] — „וצויתי את ברכתי להם בשנה הששית ועשת את התבואה לשלש שנים, וזרעתם את השנה השמינית ואכלתם מן התבואה הישן עד השנה התשיעית עד בוא תבואתה". ד.ה. אַז עס ווערט נמשך אַ ברכה ניט בלויז אין, אויף דער שנת השמיטה (ווען אידן זיינען מקיים מצות שמיטה), נאָר אויף „שלש שנים"[110], און אַ ברכה גלוי' — שנראה במוחש לעיני בשר אין די תבואה וואָס מ'האָט גע־אַקערט, געזייט און צוזאַמענגעקליבן בשנה הששית, אַ ברכה אין עניני אכילה כפשוטה — אַז דערפון עסט מען, און עס ווערט דם ובשר כבשרו, במשך שנה השביעית, ובאופן פון די והותר, אַזוי אַז ס'איז דאָ געגוג אויך אויף דעם שנה השמינית (שנת הקהל)!

דערפון קומט אויס, אַז בערב יוהכ"פ בשנה זו (אַ שבת'דיקער יאָר) — האָט מען תוספת ברכות מתענוג העליון, ובאופן אַז דאָס ווערט נמשך אין אַלע צרכים גשמיים פון אידן (וועלכע זיינען אַלע כלול אין דעם ענין האכילה ולחם[111]).

יב. כל זה שטייט נאָכמער בהדגשה מצד דעם שיעור חומש אין תורה פון ערב יוהכ"פ — ריש פ' וזאת הברכה,

כידוע די הוראה (און נתינת כח) פון דעם אַלטן רבי'ן (מיטן ביאור פון דעם מיטעלן רבי'ן על שאלת החסידים וכו'), שנתגלה ונתפרסם לחסידים און איז אָנ־געקומען צו אונז ע"י כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[112] [וואָס „הנשיא הוא הכל"] — אַז מ'דאַרף לעבן מיט דער צייט, מיט די פרשה אין תורה וואָס מ'לייענט און מ'לערנט אין דער צייט, און בפרט מיט דעם חלק מיוחד פון דער פרשה המתאים להיום:

---

104) להעיר שגם שנת השמיטה נק' „שבת שבתון" (בהר כה, ד).

105) ראה המשך תרס"ו שם הפירוש בזה, שיוהכ"פ הוא בחי' שביתה מבחי' שבת ג"כ, כי המשכת עונג העצמי בשבת בא במורגש, אבל העונג בשבת שבתון הוא עונג עצמי ממש.

106) להעיר אשר עלי' דשמיטה היא עליית ספי' המל' (סהמ"צ להצ"צ מצות קדושת שנת השביעית. וש"נ).

107) מכילתא ופרש"י יתרו כ, ט. טושו"ע (ודאדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א).

108) וראה סמ"ק סי' רפ הובא בסה"מ תש"ב ע' 79: יראה לאדם בכל שבת שכל מלאכותיו עשויות ואין לך עונג גדול מזה.

109) בהר כה, כא ואילך.

110) ופעמים שהיתה צריכה לעשות לארבע שנים (בשנת היובל) — פרש"י שם, כב.

111) ראה משלי ל, ח: ראש ועושר אל תתן לי הטריפני לחם חוקי. וראה ספרי עקב יא, יב. ועוד.

112) ס' השיחות תש"ב ע' 29 ואילך. „היום יום" ב' חשון.

נוסף לזה וואָס תורה בכלל איז דער „כוס" אויף אַלע ברכות[113], און באופן של תענוג (יחידה) — „דרכי' דרכי נועם"[114],

לערנט מען און מ'לעבט היינט מיט פ' וזאת הברכה בכלל, ובפרט מיט דעם שיעור פון התחלת הפרשה וואו עס שטייט „וזאת הברכה אשר ברך משה גו' את בני ישראל":

די ווערטער (פון היינטיקן שיעור) „וזאת הברכה" איז בפשטות כולל אין זיך אַלע ברכות וואָס ווערן דערנאָך אויסגערעכנט אין די גאַנצע פרשה, סיי די ברכות פרטיות צו יעדער שבט בפ"ע, און סיי די ברכות כלליות צו אַלע שבטים ביחד („עכשיו הוא מדבר נגד כל ישראל"[115]), דער כלל הבא לאחרי הפרט (די ברכות פרטיות לכל שבט ושבט בפ"ע), וואָס לויט דעם כלל פון „מעלין בקודש"[116] איז מובן, אַז די ברכה אין דעם כלל (שלאחרי הפרט) איז נאָך העכער פאַר דעם פרט שלפנ"ז און אויך פאַר דעם כלל שלפני הפרט („וזאת הברכה" — ל' יחיד) — אָבער אויך דער כלל (לאחרי הפרט) איז נכלל צוזאַמען מיט אַלע ברכות אין דער פרשה, אין „וזאת הברכה",

און נכלל אין אַז אופן פון „וזאת" — א ברכה גלוי' לעיני בשר בגשמיות, ביז אַז מראה באצבעו ואומר זה (זאת)[117].

קומט אויס, אַז היינטיקער שיעור חומש — מיט וועלכע מ'דאַרף היינט לעבן — גיט נאָכמער כח אויף די ענינים הנ"ל פון ערב יוהכ"פ — המשכת ברכות (מבחי' תענוג) באופן גלוי („וזאת") בעוה"ז הגשמי, און ברכות פרטיות, וואָס דאָס ווייזט נאָכמער אַז די ברכות והמשכות קומען אַראָפּ אין עוה"ז הגשמי, באופן פרטי — לכל אחד לפי ענינו.

יג. דער ענין האָט אַ שייכות מיט דעם המשך בהשיעור חומש[118] — „ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל":

גלייך פאַר דעם וואָס משה הויבט אָן בענטשן אידן מיט זייערע ברכות פרטיות — שטייט „ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם יחד שבט ישראל". וואָרום:

די כלי צו המשכת יחידה (תענוג) והמשכת כל הברכות בעוה"ז הגשמי — איז אחדות בני ישראל (וואָס שלימותה (דהאחדות) קומט מצד גילוי הנשמה[119], ובמיוחד — גילוי בחי' יחידה שבנפש, וואָס פאַראייניקט אַלע אידן), כמ"ש[120] „ברכנו אבינו כולנו כאחד באור פניך": דורך דעם וואָס אידן שטייען „כולנו כאחד", „בהתאסף ראשי עם יחד[121] שבטי ישראל" — ווערט „ברכנו אבינו", אבינו שבשמים, דורך „אבינו" כפשוטו

113) כמש"נ (בחוקותי כו, ג־ד) אם בחוקותי גו' שתהיו עמלים בתורה כו' (רש"י מתו"כ עה"פ שם) — ונתתי גשמיכם גו'.

114) משלי ג, יז.

115) פרש"י פרשתנו לג, כה.

116) ברכות כח, א. ושי"נ.

117) ע"ד שמו"ר ספכ"ג. ועוד.

118) לג, ה.

119) ראה תניא פרק לב.

120) ברכת „שים שלום" בסוף תפלת העמידה.

121) ובני חבורה זריזין הן (רמב"ם שיעור היום עיוהכ"פ — ע"פ הסדר שנתפשט דג"פ ליום — אבה"ט פ"ח סוף ה"ה). וראה אגה"ק רסכ"א (שיעור מחרת יוהכ"פ).

— משה רבינו, דער מלמד ומורה דרך ורבינו[122] פון אידן.

וואָס דאָס איז דער פירוש אין דעם פסוק „ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" (וואָס שטייט פאַר ברכת השבטים): דער ענין האחדות (גילוי יחידה שבנפש) — „בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" — איז דער כלי אויף „ויהי בישורון מלך", מלכו של עולם[123], המשכת בחי' יחידה ותענוג (למלוכה) בר"ה[124], ושלימותו ביוהכ"פ, און אויך „ויהי בישורון מלך" לויט דעם פירוש אַז דאָס גייט אויף משה רבינו[125] (גואל ראשון[126]) — „ברכנו אבינו" פון משה רבינו.

ביז אַז דאָס ווערט דער כלי אויף „ויהי בישורון מלך", דא מלכא משיחא[127] (שלימות המלכות), בחי' יחידה ה־כללית[128] — דער שלימות פון גילוי יחידה בעוה"ז הגשמי[129].

יד. און וויבאַלד אַז אַלע ענינים דלעתיד לבוא זיינען תלוי במעשינו ועבודתינו איצטער[130] — איז פאַר־שטאַנדיק אַז מ'טוט אויף מעין הענין פון „ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" במעמד ומצב זה וואו עס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַ ריבוי מישראל, בערב יוהכ"פ לאחרי תפלת מנחה, באופן פון „בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" כפי האפשרי בזמן הגלות:

און דאָס איז נאָכמער מוסיף אין „ברכנו אבינו" — גילוי יחידה והמשכת כל הברכות ביז אין עוה"ז הגשמי.

ביז — אַז די אחדות ישראל איז נאָכ־מער ממהר די גאולה האמיתית והשלימה, וואָרום דורך ביטול סיבת הגלות (היפך פון אהבת ישראל) ווערט בדרך ממילא (בלי עבודה נוספת) בטל דער מסובב (גלות), און מ'האָט „ויהי בישורון מלך", דא מלכא משיחא — גילוי יחידה בעולם בתכלית השלימות.

ובפרט אַז נוסף צו דעם עצם צוזאַ־מענקלייבן זיך („בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל") — זיינען אידן אויך מוסיף אין נתינת צדקה (כמנהג ישראל בערב יוהכ"פ[131]), וואָס דאָס ברענגט אַרויס די אחדות ישראל (אַלס כלי אויף גילוי יחידה בערב יוהכ"פ) אין אַן עשי' בפועל [נוסף לזה וואָס קודם התפלה האָט יעדער איד געזאָגט (און זיכער מיט אַן אמת) „הריני מקבל עלי מצות עשה של ואהבת[132] לרעך כמוך", כמ"ש בכתבי האריז"ל[133], און דער אַלטער רבי האָט

122) שכאילו ילדו שנאמר ואלה תולדות גו' ומשה (במדבר ג, א ובפרש"י).

123) פרש"י ורמב"ן עה"פ.

124) לקו"ת נצבים מד, א. מה, א. דרושים לר"ה נד, ג.

125) שמו"ר ספ"ב. פמ"ח, ד. מדרש תהלים בתחלתו. ועוד. רמב"ן שם.

126) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שער הפסוקים פ' ויחי.

127) ראה תקו"ז תל"ז (עח, סע"א).

128) רמ"ז לזח"ג רס, ב (נדפס במק"מ קצ, ב). ל"ת להאריז"ל בראשית עה"פ (ה, כב) ויתהלך חנוך. ועוד. וראה אוה"ת נצבים ע' א'רעו. סה"מ תרכ"ז ע' טז. תר"ל ע' י ואילך. תרנ"ה ס"ע יט ואילך. תרצ"ט ע' 207. תש"ב ע' 51. ס' הליקוטים-דא"ח צ"צ ערך משיח. וש"נ.

129) ראה לקו"ת שה"ש בסופו. ד"ה פדה בשלום דלקמן הערה 168. סה"מ תרנ"ח ע' כב. ובכ"מ.

130) ראה תניא רפל"ז.

131) ראה מטה אפרים סתר"ז ס"ג.

132) קדושים יט, יח.

133) שער הכוונות בתחלתו. סידור האריז"ל במקומו. מג"א או"ח ר"ס מו. שו"ע אדה"ז או"ח שם סעיף יא. (ובכ"מ — נסמן במאמרי אדה"ז על

עס אריינגעשטעלט בסידורו[134]].

במילא איז דאס נאכמער כלי אויף גילוי בחי' יחיד שלמעלה אין עוה"ז הגשמי. און ניט בלויז לויט וויפל עס קומט מצד שכר העבודה, וואס א איד קען מאנען בזרוע[135]

[בפרט שטייענדיק אין חודש תשרי, פונעם חלקו ווען מ'זאגט שוין ניט קיין תחנון[136] (ווייל דער חודש איז „מרובה במועדות"[137]), ווארום מ'האט אלע ענינים ע"י דעם זמן מצ"ע בלי אמירת תחנון (כמדובר כמ"פ)],

כולל מצד החיוב של הקב"ה[138] „הענק[139] תענק לו"[140] צו אידן וועלכע האבן אפגעדינט „שש שנים" אלס עבדים של הקב"ה, ווי עס שטייט בהדגשה בשנה זו, שנה השביעית, לאחרי העבודה בשש שנים —

נאר נאכמער: כשם ווי דער גילוי היחידה בא אידן איז פארבונדן מיט מצות צדקה — גיט זיי דער אויבער־שטער גילוי יחידה שלמעלה (מדה כנגד מדה) אויך באופן של צדקה, ולפי הישג יד הנותן, הישג יד של הקב"ה — באופן של בלי גבול, ובאופן פון „כל הנותן בעין יפה נותן"[141].

טו. אין די כלי וואס מ'מאכט בערב יוהכ"פ צו גילוי יחידה בעוה"ז הגשמי (וואס שלימות ענין זה וועט זיין בגאולה העתידה) — קומט צו נאך א הוספה ועילוי בדבר דורך דעם וואס מ'נוצט אויס די מכשירים וועלכע זיינען נתחדש געווארן בדורות האחרונים בחכמת העולם בקשר עם בנין העולם (ווי עלעקטרי און טעלעפאן וכיו"ב)

— ווי עס שטייט אין זהר[142] (בשייכות צום פסוק[143] „בשנת שש מאות שנה גו' נבקעו כל מעינות תהום רבה וארובות השמים נפתחו"), אז „בשית מאה שנין לשתיתאה יפתחון תרעי דחכמתא לעילא ומבועי דחכמתא לתתא וייתקן עלמא לאעלא בשביעאה כו'", וכפירוש המפר־שים[144] אז „חכמתא לעילא" מיינט חכמת התורה, און „חכמתא לתתא" מיינט חכמות העולם. ווי מ'זעט טאקע, אז אין די יארן פון שש מאות שנה ואילך פונעם אלף הששי איז געווען א התגלות יתירה אין חכמת התורה, פנימיות התורה[145], הפצת המעינות חוצה, און

---

פרשיות התורה ח"ב ע' תתקמא ואילך). וראה שיחת י"ט כסלו וש"פ וישב, כ"ף כסלו – תשד"מ (לקו"ש חכ"ה ע' 373 ואילך).

134) לפני „מה טובו".

135) ע"ד ברכות יז, ב.

136) סידור אדה"ז לפני למנצח גו' יענך. הוספה לשו"ע אדה"ז שבהערה הבאה.

137) הוספה לשו"ע אדה"ז (להר"נ מדובראוונע) או"ח סקל"א ס"ח. וראה גם ב"י לטור או"ח סתצ"ב (ד"ה ומ"ש). שו"ע אדה"ז או"ח שם סעיף ב.

138) כי „מה שהוא עושה הוא אומר לישראל לעשות" (שמו"ר פ"ל, ט). וזהו אתדל"ע שקדמה לאתדל"ת, ואח"כ באתדל"ת אתדל"ע, שמה שהוא מצוה לישראל לעשות הוא עושה. וראה תו"א (לה, ג) שע"י קיום המצוות למטה נמשך כן למעלה להיות הקב"ה מקיים המצוות.

139) ראה טו, יד.

140) לפי הפירוש שזה שכר פעולה (ולא צדקה) — ראה לקו"ש חי"ט ע' 154 ואילך.

141) רמב"ם הל' מכירה פכ"ה ה"ד (מב"ב סה, א). הל' זכי' ומתנה פי"א הכ"ב (מב"ב עא, סע"א). ועוד.

142) ח"א קיז, א.

143) נח ז, יא. — בדפוסים שלפנינו לא הובא סיום הכתוב („וארובות השמים נפתחו"). אבל בפי' ר' אברהם גלאנטי הובא באור החמה כאן, וכן בעטרת ראש דרוש לעשי"ת (נה, א) משמע, שגרסי בזהר גם סיום הכתוב.

144) ס' אשמורת הבוקר (לר' משה ב' אברהם קאשטרו ס"ט) לזהר.

145) ועיי"ש בזהר (קיח, א): וכד יהא קריב ליומי משיחא אפילו רביי דעלמא זמינין לאשכחא טמירין דחכמתא כו'. וראה דרך אמת שם. וראה בארוכה

אַזוי האָט זיך דאַן אויך אָנגעהויבן אַ התפתחות יתירה להבדיל אין די חכמות העולם[146] —

אויף פאַרגרעסערן דעם „בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" (גילוי יחידה שבנפש) אַזוי אַז דאָס זאָל אויך כולל זיין אידן אין אַנדערע ערטער (וואָס געפינען זיך דאָ ניט בגופם) וועלכע הערן די רייד ע"י מכשירים אלו, און אויף בענטשן אידן באופן כזה אַז די ברכות זאָלן אָנקומען צו „יחד שבטי ישראל" (בכל המקומות ביז בקצוי תבל) ברגע כמימרא (בשעתא חדא וברגעא חדא). והביאור:

מ'האָט גערעדט כמ"פ אַז די מכשירים וועלכע מ'נוצט אויף איבערגעבן אַ קול למקום שני בלי הפסק זמן (טעלעפאָן, ראַדיאָ וכיו"ב) — טראָגן ניט איבער קול האדם ממש, נאָר דער קול קלאַפּט אויף אַ מתכת וכיו"ב, און דער מתכת איז נשתנה עי"ז און טראָגט איבער די שינויים למקום שני וואו עס קלאַפּט אויף אַ צווייטע מתכת, און פון דעם אָפּקלאַנג הערט דער אדם השומע דעם קול המתכת.

וואָס דערפאַר קען מען דורך די מכשירים ניט יוצא זיין אַ מצוה וועלכע פאָדערט קול אדם[147]: אָבער בשעת ס'איז נוגע בלויז ידיעת הענין, וויסען תוכן הדברים, דעמולט איז קיין נפק"מ ניט צי מ'הערט קול אדם, אָדער אַן אָפּקלאַנג.

ואדרבה — י"ל בנוגע לענינינו (מאַכן א כלי אויף גילוי בחי' יחידה בעוה"ז הגשמי) איז דאָ אַן עילוי בשעת דאָס קומט אַן דורך אַ מתכת (און ניט קול אדם),

וואָרום דאָס גיט אַ אידן דעם כח (און אפשריות) צו מגלה זיין בחי' יחידה (יחידו של עולם) אין עולם, ביז אין אַ מתכת, דומם — אַזוי אַז אפילו דומם, ווי ער בלייבט אַ דומם במעמדו ומצבו, איז זיך משתנה (מתנענע בפנימיותו) און טראָגט איבער „דבר ה'[148] זו הלכה"[149] און „דבר ה'[148] זה הקץ"[149], ענינים אין הלכה און ענינים וועגן דער קץ הגאולה (וואָס דאָס גופא איז אַ הלכה[150], אַז מ'דאַרף רעדן וועגן משיח'ן[151] און מצפה זיין לביאתו[152]), וואָס קומט פון תושב"כ ותושבע"פ [ווי דער רמב"ם פסק'נט[153] אז „כל הספרים מלאים בדבר זה"],

וואָס דאָס איז כולל — די רייד וועגן אויסנוצן ערב יוהכ"פ בשלימות ובתענוג און מקיים זיין עבודת היום פון גילוי בחי' יחידה, ועאכו"כ אויסנוצן יוהכ"פ עצמו בשלימות ובתענוג, ובאופן פון „בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל" (כמדובר לעיל באריכה),

ווערן די אַלע רייד איבערגעטראָגן דורך אַ דומם צו אידן בכל קצוי תבל, אַזוי אַז ברגע כמימרא הערן זיי, די זעלבע ענינים וואָס עס הערן די וואָס

---

שיחה שנדפסה בסוף המשך תרס"ו. לקו"ש ח"ז ע' 206 ואילך.

146) ראה באריכה לקו"ש חט"ו ע' 42 ואילך.

147) ראה לקו"ש ח"ט ע' 336. חכ"א ס"ע 496 ואילך.

148) עמוס ח, יב.

149) שבת קלח, ב.

150) ראה ב"י לטור או"ח סקפ"ח (ד"ה וכתב הרמב"ם) משיבלי הלקט (דין סדר ברכת המזון סי' קנז). וראה מדרש תהלים מזמור יז. מדרש שמואל פל"א הובא ברד"ק סוף שמואל ב. וראה שיחת ז' מר־חשון תשמ"ו.

151) ראה שיחת אחש"פ תרצ"ט.

152) ראה רמב"ם הל' מלכים פי"א ה"א. ועוד. וראה לקו"ש חכ"ח ע' 135 ואילך.

153) שם ה"ב.

געפינען זיך אין דעם ביהכנ"ס וביהמ"ד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (בעשר שנים האחרונים פון חיים חיותו בעלמא דין).

קומט דאך אויס, אז דוקא דורך דעם וואס דער קול טראגט זיך איבער ע"י דומם — ווערט נתגלה דער כח פון א אידן צו מגלה זיין בחי' יחידה אפילו בדומם.

בדוגמא ווי אדה"ר האט אויפגעטאן בר"ה — „בואו נשתחוה ונכרעה נברכה לפני ה' עושנו", גילוי יחידו של עולם בכל הנבראים,

חי צומח ביז דומם (כנ"ל ס"ה).

און די הוספה במעשינו ועבודתינו (בגילוי בחי' יחידה למטה) מאכט נאך א גרעסערע כלי אויף ממשיך זיין „ברכנו אבינו" און יחידה שלמעלה אין עוה"ז הגשמי. ביז — אז עס ווערט נמשך נוסף לפי ערך דער „קב (אחד) שלו"[154] פון עבודת האדם, אויך די „תשעה קבים של חבירו"[154] (כמדובר כמ"פ).

טז. ופשטות — אין דעם „עבידתי"[155] פון יוהכ"פ:

דער אויבערשטער זאל געבן יעדער אידן און אלע אידן א גמר חתימה טובה בכל עניניהם, סיי ברוחניות און סיי בגשמיות. כולל — דעם כח אויף טאן די עבודה פון „אחת בשנה", עבודה מצד יחידה שבנפש.

וע"פ המדובר לעיל, אז די ברכה והמשכה דארף אראפקומען אין פרטים, וואס דאס ווייזט אז דאס קומט אראפ (פון בחי' יחידה) אין גשמיות העולם, וואס שטעלט זיך אויס אין התחלקות ופרטים — דארף מען אויך מפרט ומפרש זיין די ברכות אין פרטים.

ווי עס שטייט אויף תפלה ביוהכ"פ[156] — אז מ'דארף בעטן ומתפלל זיין נוסף אויף א תפלה באופן כללי, אויך מפרט זיין די בקשות פרטיות.

וואס דערפאר זאגט יעדער איד אין תפלת יוהכ"פ „(כמו ששמעת תפלת כהן גדול בהיכל כמו כן מפינו תשמע ותושי') יהי רצון מלפניך כו' שתהא השנה הזאת כו' שנת אורה וכו'", און מ'רעכנט אויס ברכות אין אלע אותיות פון דעם אל"ף בי"ת (ד.ה. ברכות פרטיות).

ועד"ז איז דער מנהג, במיוחד בערב יוהכ"פ וביוהכ"פ, און מ'גיט יעדער איד דערויף כח, כאו"א לפום שיעורא דילי' — צו מפרט זיין (כפי עניות דעתו אדער כפי עשירות דעתו) די ברכות לויט דעם סדר פון אל"ף בי"ת, און אין אן אופן אז דאס ווערט איבערגעגעבן גם ע"י דומם בכל העולם כולו (גילוי בחי' יחידה בעוה"ז הגשמי בפרטיות):

עס זאל (און וועט) זיין א שנת אורה, א שנת ברכה, א שנת גילה, א שנת דיצה, א שנת הוד והדר, א שנת ועד חור („כולנו כאחד"), א שנת זכיות גדולות, א שנת חיים טובים וארוכים, א שנת טורה, בטוב הנראה והנגלה, באופן פון „הטוב לנו"[157],

154) ראה ב"מ לח, א.

155) ראה זח"ג צד, ריש ע"ב.

156) ראה טושו"ע או"ח סתר"ז ס"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"ד.

157) פיוט „שערי שמים" שאומרים בסוף נעילה ובהושע"ר. וראה סה"מ תרפ"ז ע' רא ואילך (ועד"ז בסה"מ קונטרסים ח"ג ע' קפט): ואוצרך הטוב לנו תפתח . . שיבואו בחסד פרטי, שהוא הטוב לנו בטוב הנראה והנגלה גם למטה ממש.

אַ שנת יחוד — „יחידה לייחדך", וואָס דעמולט איז דער שלימות ואמיתית ענין פון אהבת ישראל בשעת עס ווערט באופן פון אחדות ישראל, אַ מציאות אחת — „יחידה לייחדך",

און דער גילוי פון „יחידה לייחדך" ווערט נמשך ביז אין ענינים גשמיים — אַ שנת כלכלה, סיי כפשוטה, עאכו"כ „כלכלה" מלשון „והוא יכלכלך"[158], אַז דער אויבערשטער גיט יעדער איד אַלע כלים[159] וואָס ער דאַרף האָבן בכדי א) דורכפירן אַלע זיינע החלטות טובות,

און ב) מקבל זיין אַלע ברכות פון דעם אויבערשטן, אַנהויבנדיק פון ברכת השלום, וואָס „לא[160] מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום שנאמר[161] ה' עוז לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום", דער ענין התורה (אין עוז אלא תורה[162]), דער „כוס" (כלי) מחזיק ברכות (כנ"ל סי"ב),

ביז „תורה חדשה מאתי תצא"[163] — אַ שנת לימודים, לימוד התורה ובאופן חדש, ביתר שאת וביתר עוז,

צוזאַמען מיט אַ שנת מרומים, אַז מ'שטייט אין אַ רוממות, „ביד רמה", בדוגמא ווי ס'איז געווען „כימי[164] צאתך מארץ מצרים"[165],

צוזאַמען מיט אַ שנת נסים גדולים — נאָכמער ווי ס'איז געווען ביצי"מ, כמ"ש „כימי (בכ"ף הדמיון) צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", נסים ונפלאות באופן פלא ונפלא לגבי די נסים בימי צאתך מארץ מצרים[166].

אַנהויבנדיק פון תחלת השנה — האָט מען גלייך אַ סימן טוב בזה — שנת סימן טוב, צוזאַמען מיט שנת סייעתא דשמיא,

וואָס דאָס גיט יעדער איד און אַלע אידן אַ שנת עוז, און אַ שנת פדות, ביז אין אַן אופן פון „פדה בשלום נפשי"[167], וואָס דער שלימות בזה וועט זיין בגאולה העתידה (ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר[168]) [ומעין זה איז געווען בפועל בגאולת אדה"ז, „כשקריתי פדה בשלום נפשי יצאתי בשלום מה' שלום"[169] — וואָס דעמולט האָט זיך אָנגעהויבן דער עיקר ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה[170], אַ התגלות מעין פון דער גילוי פון פנימיות התורה בגאולה העתידה].

און אַ שנת צהלה, און שנת צדקתו של הקב"ה, וואָרום עס ווערט אַ שנת קוממיות — „ואולך אתכם קוממיות"[171], און אַ שנת רוממות, און אַ שנת שמחה, „שמחת עולם על ראשם"[172],

---

158) תהלים נה, כג.

159) ראה סה"מ עזר"ת ריש ע' קז. תרפ"ח ע' כח. תרצ"ט ריש ע' 21. אגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"ב ע' שכח. ח"ד ע' תנג. וראה גם פלח הרמון להרר"ה מפאריטש וירא סב, ג — מאדמו"ר הצ"צ בשם הבעש"ט.

160) עוקצים בסופה.

161) תהלים כט, יא.

162) מדרש תהלים ח, ג. שהש"ר פ"א, ד. פ"ב, ג (ג). ועוד.

163) ישעי' נא, ד. ויק"ר פי"ג, ג.

164) מיכה ז, טו.

165) בשלח יד, ח. ובמכילתא ופרש"י שם: בגבורה גבוהה ומפורסמת.

166) ראה זח"א רסא, ב (בהשמטות). פע"ח שער חג המצות פ"ז. אוה"ת נ"ך (כרך א) עה"פ (ע' תפז) סק"ז־ח. וראה שער האמונה לאדמו"ר האמצעי פט"ז.

167) תהלים נה, יט.

168) ד"ה פדה בשלום (בשערי תשובה ח"א) פי"א־יב.

169) לשון מכתב אדמו"ר הזקן — נדפס באגרות קודש אדה"ז (קה"ת, תש"מ) סי' לח. וש"נ.

170) ס' השיחות תורת שלום ס"ע 112 ואילך.

171) בחוקותי כו, יד.

172) ישעי' לה, י. שם נא, יא.

וואָס דאָס ברענגט אויך אַ שנת תהלה — „ימלא פי תהלתך״[173], פאַרבנודן מיט „אז ימלא שחוק פינו״[174], וואָס וועט זיין בגאולה האמיתית והשלימה.

און דאָס ווערט דורך דעם וואָס אידן טוען עבודתם מתוך שמחה וטוב לבב ומתוך רחבות ומתוך כל הברכות האמורות — אַז דער שנה זאָל ווערן אַ שנת תורה, אַ שנת תפלה, אַ שנת תשובה און שנת תהלה,

וואָס דאָס איז כולל אויך אַ שנת צדקה (דער דריטער עמוד שעליו העולם עומד[175]) — וואָס דעמולט וועט זיין אַ שנת תהלה, הן מצד הנותן והן מצד המקבל: דער נותן הצדקה איז מהלל אויף דעם וואָס מ'האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו מקיים זיין מצות צדקה וואָס איז „מקרבת את הגאולה״[176], נוסף לזה וואָס ער באַקומט שכר אויף דעם וואָס „אתה החיית את נפש העני״[177] — אַז דער אויבערשטער איז מחי' אים ובני ביתו; און דער מקבל איז מהלל אויף דעם וואָס ער באַקומט צדקה, וואָס טוט אויף החיית את נפש העני, ועוד ועיקר — ער איז מהלל אויף דעם וואָס ער האָט אַן איינטייל אין מצות צדקה של הנותן.

און דורך דעם ענין הצדקה וכללות אהבת ישראל, בתוך שאר מעשינו ועבודתינו — איז מען נאָכמער מזרז די גאולה, דורך ביטול סיבת הגלות, ווערט בדרך ממילא בטל דעם מסובב (גלות), און מ'שטעלט אריין דעם אל״ף פון „אלופו של עולם״ אין „גלות״ (גולה), ווערט „גאולה״[178].

יז. און דורך דעם וואָס יעדער איד, אנשים נשים וטף, איז מוסיף אין דער עבודה פון ערב יוהכ״פ און יוהכ״פ — עבודה מצד יחידה שבנפש, תשובה עילאה, ענין התורה (כנ״ל ס״ג) — איז דאָס נאָכמער מוסיף אין די אַלע ברכות הנ״ל צו יעדער איד און צו אַלע אידן,

כמדובר לעיל (ס״ג) אַז די עבודה פון יוהכ״פ האָט אַ שייכות צו אַלע אידן ממש, אנשים נשים וטף,

ואדרבה — „כי נער ישראל ואוהבהו״[179], דורך דעם וואָס אפילו גאָר פיצלער קינדער זיינען מהלל ומשבח דעם אויבערשטן און זאָגן „אמן יהא שמי' רבה״ וכיו״ב (בדוגמא ווי דער בעש״ט האָט מעורר געווען קינדער בזמנו[180], ווערט דאָס אַ הוראה נצחית על כל הזמנים) — זיינען זיי מסייע אַז אין עבודת התשובה ביוהכ״פ (נתינת ולימוד התורה) זאָל זיין בשלימות ומתוך שמחה ותענוג, ביז אין אַן אופן פון „כפליים לתושי׳״ (ווי די לוחות האחרונות שניתנו ביוהכ״פ).

כן תהי' לכל אחד ואחת מתוך כלל ישראל — אַז אין אַלע ענינים האָט מען „כפליים לתושי׳״, תושי׳ וחיזוק והתחזקות, מיט אַלע ברכות האמורות,

---

173) תהלים עא, ז.

174) שם קכו, ב.

175) אבות פ״א מ״ב.

176) ב״ב י, א. וראה תניא פל״ז (מח, ב ואילך).

177) ראה תנחומא משפטים טו.

178) ראה לקו״ת בהעלותך לה, ג. ס׳ הליקוטים־דא״ח צ״צ ערך גולה. המשך מים רבים תרל״ו פקל״ד.

179) הושע יא, א. וראה אוה״ת בשלח ע׳ שפב ואילך. ד״ה כי נער ישראל תרס״ו (נדפס בהוספות להמשך תרס״ו ע׳ תקנ ואילך — הוצאת קה״ת, תשל״א ושלאח״ז). וראה לקו״ש חכ״א ע׳ 20 ואילך. ושי״נ.

180) ס׳ השיחות תש״א ע׳ 156. ובכ״מ.

און מ'האט א הצלחה'דיקן ערב יוהכ"פ און א הצלחה'דיקן יוהכ"פ, און אַ הצלחה'דיקן יאָר.

ביז די הצלחה העיקרית — אז אלע אידן גייען ארויס פון גלות, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו"[181], און "כספם וזהבם אתם"[182], כולל — שלימות התורה והמצוות[183],

און אלע צוזאמען גיין — באופן פון "וארו עם ענני שמיא"[184], בפרט אַז ביוהכ"פ זיינען אידן "דוגמת מלאכי השרת"[185], "ענני שמיא" — אין ארצנו הקדושה, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[186], און דאָרטן גופא — "בהר הקודש בירושלים", כלשון הכתוב[187] "והי' ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו גו' בהר הקודש בירושלים", ווי מ'זאָגט בתפלת מוסף דראש השנה[188], און דער שלימות הגילוי בזה איז ביוהכ"פ (כמבואר בלקו"ת[189]).

און "בהר הקודש בירושלים" גופא — איז "מקדש אד' כוננו ידיך"[190], און אין קודש הקדשים. וואָס אין דעם באשטייט די עבודה המיוחדת פון יוהכ"פ — כניסת כהן גדול בקודש הקדשים ועבודת הקטורת, "דקה מן הדקה"[191],

ובזמן הגלות — טוט עס אויף יעדער איד דורך תפלתו, "ונשלמה פרים שפתינו"[192] (אויך פון לשון שלימות), דערפאר זאָגט יעדער איד די "עבודה" פון יוהכ"פ עם כל הפרטים שבזה.

כן תהי' לנו, לכל אחד ואחת, ומתוך שמחה וטוב לבב, און טאנצן בקרוב ממש, צוזאמען מיט משיח צדקנו, אין ארץ ישראל ובירושלים ובהר הבית ובסמיכות לקודש הקדשים ממש, ממש אין מקום און ממש אין זמן.

---

181) כמ"ש ביצי"מ — בא י, ט. וכימי צאתך מארמ"צ — כנ"ל בפנים.

182) ישעי' ס, ט.

183) ראה לקמן בהברכה להתלמידים ס"א.

184) דניאל ז, יג.

185) טור או"ח סתר"ו (מפדר"א פמ"ו). שם סתרי"ט. שו"ע אדה"ז שם סעיף ט (מדב"ר פ"ב, לו). רמ"א ושו"ע אדה"ז שם סו"ס תרי.

186) עקב יא, יב.

187) ישעי' כז, יג.

188) ראה המשך תרס"ו בסופו (ע' תקמו — בהוצאת קה"ת הנ"ל).

189) ר"ה ס, רע"ג. וראה עט"ר שער יוהכ"פ בתחלתו.

190) בשלח טו, יז ובפרש"י. זח"ג רכא, א. ועוד.

191) יומא מה, ב.

192) הושע יד, ג.

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להתלמידים שיחיו
## ערב יום הכפורים, בבית הכנסת, לפני כל נדרי, ה'תשמ"ז

**א. וידבר גו' דבר גו' יברכך גו' יאר גו' ישא גו'. ושמו גו' ואני אברכם[1].**

**וואָס (די ווערטער פון) ברכת כהנים איז כוללת כל הברכות כולן[2], סיי הרוחניות, סיי הגשמיות — ווי פאַרשטאַנדיק דערפון וואָס דאָס איז** די ברכה[3] **וועלכע דער אויבערשטער האָט** אָנגעזאָגט **די כהנים, און געגעבן זיי דעם כח, צו בענטשן אידן („כה תברכו את בני ישראל") — בכל הענינים.**

**און אע"פ אַז דאָס איז ברכת** כהנים **— האָט יעדער איד (אויך לויים וישראלים) דעם כח צו בענטשן אידן מיט דעם נוסח פון ברכת כהנים, וואָרום אויף אַלע (יעדער) אידן ווערט געזאָגט[4] „ואתם תהיו לי ממלכת** כהנים **וגוי קדוש"[5].**

**און נאָכמער: „(ממלכת) כהנים" האָט אויך דעם פירוש „כהנים** גדולים**"[6]. ד.ה. אַז יעדער איד איז (ברוחניות) אַזוי ווי אַ כהן גדול[7], און האָט בכח צו בענטשן אידן בדוגמא (כביכול) ווי ברכת כהנים ע"י הכהן גדול[8], וואָס איז העכער פאַר ברכת כהנים ע"י שאר הכהנים, וואָרום דער כהן גדול איז „ראש לכל הכהנים"[9], דער שלימות פון ענין הכהונה. במילא איז מובן אַז דער כה"ג טוט אויך אויף שלימות הענין פון ברכת כהנים[10].**

1) נוסח ברכת כהנים — נשא ו, כב־כז.

2) **ראה גם ספרי נשא שם. ועוד מדרשי חז"ל בענין ברכת כהנים.**

3) מיוחדת **וחלוקה מכל הברכות וגם** בפשש"מ **כוללת ברכה בכל.**

4) **יתרו יט, ו.**

5) **וראה רמב"ם הל' שמיטה ויובל בסופן: ולא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש מכל באי העולם אשר נדבה רוחו אותו והבינו מדעו להבדל לעמוד לפני ה' לשרתו ולעבדו כו' הרי זה נתקדש קודש קדשים.**

6) **אגדת בראשית פע"ט [פ]. בעל הטורים יתרו שם.**

7) **להעיר מרמב"ם שם „הרי זה נתקדש** קודש קדשים" **דשייך רק לכהן גדול. וזהו תוארו של אהרן** כה"ג, **כמ"ש (דה"א כג, יג): „ויבדל** אהרן גו' קדש קדשים" **(ואף שבהמשך הפסוק נאמר „הוא ובניו" — ראה לקו"ש חי"ז ע' 36 הערה 23).**

8) **ובדוגמא מה שיש לכאו"א מישראל מעין תפלת כה"ג ביוהכ"פ — כנוסח תפלת מוסף ביוהכ"פ: „כמו ששמעת תפלת כה"ג בהיכל** כמו כן מפינו **תשמע** ותושי'".

9) **רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ד הי"ב. וראה שם** פרק ה.

10) **וי"ל דמודגש גם בזה שהכהן גדול ברך בשם המיוחד* (קידושין עא, א ובחדא"ג מהרש"א שם) גם לאחרי ש„נמנעו אחיו הכהנים מלברך בשם (ה־מפורש)" לאחרי מיתת שמעון הצדיק** (יומא לט, ב).**

**ויש לומר הטעם לזה — כי בר"כ בשם המיוחד ע"י הכהן גדול הוא באופן נעלה יותר מבר"כ ע"י שאר הכהנים (גם בהזמן שהיו כל הכהנים מברכים בשם המיוחד). כמבואר במ"א (שיחת ערב חגה"ש תשל"ו) ע"פ דברי המשנה (תמיד רפ"ז. סוטה לח, רע"א. הובא להלכה ברמב"ם הל' תפלה פי"ד ה"ט) שהכהנים ב־מקדש נושאים את ידיהם „על גבי ראשיהם (מפני שמברכים את העם בשם המפורש ושכינה למעלה מקשרי אצבעותיהם) חוץ** מכהן גדול **שאין מגבי' את ידיו למעלה מן הציץ (מפני שהשם כתוב עליו)": אאפ"ל שענין זה שהכה"ג לא הגבי' ידיו למעלה מן**

*) עם הכוונות דשם בן י"ב אותיות וכו' (כדמשמע מקידושין שם), שהוא שם המיוחד המלא (ראה ס' הבהיר סי' קז. בחיי ורקאנטי נשא ו, כז). וראה מש"כ הרמב"ם (מו"נ ח"א פס"ב) בפירוש שם בן י"ב ושם בן מ"ב — ששמות אלו „היו מוסיפים **ידיעה** מסויימת באלקות כו'" **בשם בן ד'**.

**) אבל ראה מו"נ שם באופן אחר.

ב. עפ״ז יש לבאר דעם טעם אויף דעם וואָס ברכת הבנים (וכיו״ב) בערב יוהכ״פ[11] איז מיט ברכת כהנים[12] („יברכך וגו׳״):

„כל עבודות יום הכפורים״ זיינען דוקא בכהן גדול[13].

און דער טעם לזה איז (כמדובר לעיל בארוכה, אין דער ברכה נאָך תפלת מנחה) ווייל דער ענין פון יוהכ״פ איז — עבודה מצד בחי׳ יחידה[14] (שבנפש)[15], און אין אַלע דריי ענינים פון עולם שנה נפש: „אחת בשנה״[16] — יחידה בזמן; און די עבודה דעמולט איז אין „אחת״ ב־מקום — קודש הקדשים, יחידה שבעולם;

און דערפאַר איז דאָס דוקא דורך דעם „אחת״ פון אידן — דער כהן גדול, יחי־דה שבנפש[17].

וואָס דער ענין איז דאָ בעבודת כאו״א: בא יעדער איד איז פאַראַן בחי׳ כהן גדול („ממלכת כהנים״)[18] — די עבו־דה מצד בחי׳ יחידה שבנפש.

ובפרט בזמן הגלות[19] ווען אַ איד שטייט בדוגמא ווי אַ כהן גדול ב־ביהמ״ק[20], דורך תפלתו ביוהכ״פ — „ו־נשלמה פרים שפתינו״[21].

און דעריבער — אַלס הכנה צו יוהכ״פ (בערב יוהכ״פ) ווען יעדער איד איז ב־דוגמת הכה״ג — בענטשט מען (די בנים וכיו״ב) מיט ברכת כהנים, בדוגמא ווי (שלימות ענין) ברכת כהנים שע״י הכה״ג (שלימות ענין הכהונה), וואָרום דאָס גיט דעם כח אויף צו טאָן דערנאָך די עבודת כה״ג ביוהכ״פ (עבודה מצד בחי׳ יחידה שבנפש).

ג. דער ענין האָט אַ שייכות מיוחדת מיט תלמידי ישיבה:

אין קודש הקדשים (בחי׳ יחידה) איז געווען דער אבן השתי׳ (שממנה הושתת העולם)[22], אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דער ארון הקודש מיט די לוחות האחרו־

---

(הציץ) הראש (כשאר הכהנים) הוא לגריעותא דכה״ג! אלא אדרבה — למעליותא, שבבר״כ (בשם המיוחד) דהכה״ג הי׳ גם הסיוע דהשם על הציץ. ועאכו״כ לדעת ר׳ יהודה (שם) שהי׳ מגבי׳ ידיו למעלה מן הציץ שנאמר (שמיני ט, כב) וישא אהרן את ידיו אל העם ויברכם, וי״ל שהפירוש בזה הוא, ששם המיוחד בבר״כ (ע״י הכה״ג) הוא למעלה ובכחו לברך גם השם על הציץ.

ולהעיר שהלימוד דבר״כ בנשיאות כפים הוא מהכהן גדול („וישא אהרן את ידיו אל העם ויברכם״ — שמיני שם ובפרש״י שם) — סוטה שם. ועד שיש קס״ד (בסוטה שם) שנש״כ צ״ל דוקא בכה״ג (וקס״ד בתורה — ג״כ תורה).

ולהעיר גם מהשייכות דברכת כהנים לבחי׳ יחידה (עט״ר שער יוהכ״פ ספ״ד (ל, רע״א). ד״ה אתה אחד לאדהאמ״צ (קה״ת, תשכ״ה) ע׳ 9), שזוהי דרגתו של הכהן גדול, כבפנים.

11) ראה מטה אפרים סתר״ח ס״ג. כתר שם טוב (גאגין) ח״ו ע׳ 281.

12) ראה סידור יעב״ץ (הנהגת ליל שבת ס״ז) — לגבי ליל שבת. וראה ס׳ מעבר יבק מאמר שפתי רננות פרק מג. ראשית חכמה פרק גידול בנים בתחלתו (רמו, סע״ג).

13) יומא לב, סע״ב.

14) ראה עטרת ראש שער יוהכ״פ פ״ב ואילך. ועיי״ש רפ״ה. ובכ״מ.

15) ראה תוד״ה עד אחד — מנחות יח, א.

16) ס״פ תצוה. אחרי טז, לד.

17) ראה המשך תער״ב ח״ב ע׳ תתקסז. תתקפ. ועוד. וראה המשך מים רבים תרל״ו פקע״ט.

18) ועפ״ז יומתק מה שעבודת הכהן גדול הוא בתור שליח של „עמך בית ישראל״ — שהשליח צ״ל דומה להמשלח (ראה קידושין מא, ב: מה אתם כו׳. לקו״ת ויקרא א, ג. שיחת י״ב תמוז תשמ״ה. ולהעיר מנדרים לה, ב. וש״נ. תוד״ה דאמר — קידושין כג, ב ובמקומות שנסמנו על הגליון שם).

19) דקלקלתינו היא תקנתינו (ע״ד שבת פ, ב).

20) ראה לעיל הערה 8.

21) הושע יד, ג.

22) משנה יומא נג, ב. גמרא שם נד, ב.

נות[23], שנתנו ביוהכ״פ[24] (ביום חתונתו[25] זה מתן תורה[26]) — דער ענין התורה[27], ובאופן פון „כפליים לתושי׳״[28].

וואָס תורה איז בחי׳ יחידה (די עבודה פון כה״ג ביוהכ״פ בקדה״ק)[29], וואָרום דער אויבערשטער, יחידו של עולם, האָט זיך „אַריינגעגעבן״ בתורתו[30].

און דאָס (תורה) איז די מציאות פון יעדער אידן — כידוע אַז „ישראל״ איז ר״ת „יש ששים ריבוא אותיות לתורה״[31], דער חיות און נשמה פון יעדער אידן איז פון זיין אות בתורה[32].

און דורך לימוד התורה בפועל — איז אַ איד מגלה זיין התאחדות מיט תורה (בחי׳ יחידה), כמבואר בתניא[33], אַז דורך (שכל בכלל, ועאכו״כ) לימוד התורה (תורתו של יחידו של עולם), ווערט אַ „יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו׳ להיות לאחדים ומיוחדים ממש מכל צד ופנה״ (דער שכל מיטן משכיל מיטן מושכל ווערן איין זאַך[34]), אַז ער ווערט נתאחד מיט תורה באופן של יחידה — „יחוד נפלא כו׳״.

און צווישן אידן גופא — שטייט דאָס מער בגלוי באַ תלמידי ישיבה, וואָרום ביי אַ ישיבה בחור איז „תורתו אומנתו״[35] בעוה״ז הגשמי, זיין גאַנצע באַשעפטיקונג איז לימוד התורה (ניט ווי ביי אַנדערע אידן, וואָס זיי לערנען תורה, אָבער זייער „אומנות״ איז אין אַנדערע ענינים[36] — אין מצוות וכיו״ב), אין אַן אופן אַז ער לערנט תורה און די תורה לערנט אים (ווי כ״ק מו״ח אדמו״ר איז מדגיש[37]), ביז אַז דאָס ווערט זיין גאַנצע מציאות[38], ובלשון הגמרא[39] — תורה „נקראת על שמו״.

איז מובן אַז דער לימוד התורה באופן פון „יחידה״ („יחוד נפלא כו׳״) איז נאָכמער בגלוי און נאָך שטאַרקער באַ תלמידי ישיבה, וויבאַלד אַז זיי ווערן דערמיט נתאחד מיט אַ „יחוד נפלא כו׳״ באופן פון „אומנתו״, אַז דאָס איז כל

---

23) רמב״ם הל׳ בית הבחירה רפ״ד.

24) משנה תענית כו, ב ובפרש״י. גמרא שם ל, ב.

25) שה״ש ג, יא.

26) משנה תענית שם.

27) שזהו מתפקידי הכהן וכמש״נ: ותורה יבקשו מפיהו — מלאכי ב, ז. וראה פרשתנו (ברכה) לג, ח: י: וללוי אמר גו׳ יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל. וראה יומא כו, א. רמב״ם הל׳ שמיטה ויובל פי״ג הי״ב.

28) איוב יא, ו. שמו״ר פמ״ו, א. וראה אוה״ת תשא ס״ע ב׳נו ואילך. סה״מ עזר״ת ע׳ לא. תרצ״ט ע׳ 61 ואילך. תש״ו ע׳ 36. ועוד.

29) ואדרבה: על תורה נאמר „יקרה היא מפנינים״ (משלי ג, טו) — „מכה״ג שנכנס לפני ולפנים״ (הוריות יג, א) — וי״ל — כי כה״ג נכנס בקדה״ק אבל בחי׳ קדה״ק הוא בחי׳ מקיף עליו, אבל כשלומד הלכה או פסוק בתורה מתאחד שכלו וחכמתו בחכמת התורה (ראה לקמן בפנים מתניא פ״ה), מאיר בחי׳ קדה״ק בגילוי בפנימי׳, לכן יקרה היא מפנינים (אוה״ת בלק ע׳ תתקסא. ועד״ז שם ע׳ תתקנז. וראה גם דרך חיים (שער התשובה) לב, ד).

30) כמאחז״ל (שבת קה, א — ע״פ גירסת העין יעקב) „אנא נפשי כתבית יהבית״. וראה לקו״ת שלח מד, סע״ד. אוה״ת יתרו ע׳ תתקא ואילך.

31) מגלה עמוקות אופן קפו. הובא בילקוט ראובני פ׳ בראשית בתחלתה.

32) ראה מאמר ד״ה קול ה׳ על המים לאדמו״ר הצ״צ [נדפס באוה״ת נ״ך (כרך ג) ע׳ א׳שא]. סה״מ תש״ו ע׳ 46. תש״ט ע׳ 41 (השני). ועוד.

33) פ״ה.

34) ראה מו״נ ח״א פס״ח. סהמ״צ להצ״צ מצות האמנת אלקות פ״ג ואילך. וש״נ.

35) ראה שבת יא, א. ובכ״מ.

36) ורק ר׳ נהוראי אמר מניח אני כל אומנות שבעולם ואיני מלמד את בני אלא תורה (קידושין בסופה).

37) ראה לקו״ד ח״ב רמו, ב. ועוד.

38) כבתניא — לעיל בפנים.

39) ע״ז יט, א. וראה קידושין לב, סע״א ואילך.

מציאות שלהם בכל הזמנים בכמות (ניט נאָר בשעות מסויימות ביום), און אויך „אומנתו" באיכות, אַזוי אַז אין לו ב־עולמו אלא תורה.

קומט אויס, אַז דער ענין פון יוהכ"פ און די ברכות בערב יוהכ"פ (בדוגמת ברכת כהנים ע"י הכה"ג) – עבודה מצד בחי' יחידה (קודש הקדשים), דער ענין התורה[40] – שטייט בהדגשה מיוחדת בא תלמידי ישיבה.

ובפרט אַז תורה איז אַ „כוס של ברכה"[41], המחזיק כל הברכות[42], עאכו"כ ברכות בענין התורה.

ד. וואָס דערפון איז מובן, אַז כל הענינים ו(במיוחד) הברכות האמורות בסמיכות לתפלת מנחה – זיינען חל על כל אחד ואחד מכם, ובהדגשה יתירה (בפרט אַז מ'שטייט איצטער בסמיכות צו תפלת ערבית פון יוהכ"פ) – וואָרום די ענינים פון יוהכ"פ (גילוי בחי' יחידה) זיינען שייך מער במיוחד צו אייך.

און בהוספה על זה – קומט צו די ברכה עיקרית צו תלמידי ישיבה, אַז איר זאָלט מצליח זיין בלימוד התורה, ובאופן פון „כפליים לתושי'".

ובפרטי פרטיות – שטייט עס בהד־גשה יתירה בא די תלמידים פון ישיבת תומכי תמימים, וואָס א) זיי לערנען נגלה דתורה און פנימיות התורה, תורת החסידות (בחי' יחידה שבתורה גופא[43]),

און ב) כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[44] – דער ממלא מקום פון מייסד הישיבה – איז געווען און איז בפועל עד היום הזה ועד ביאת המשיח ולאח"ז דער מנהל פועל פון דער ישיבה[45],

און ער גיט די תלמידי הישיבה תוס־פות כח – באורך ברוחב ובעומק – אַז זיי זאָלן קענען לערנען תורה (נגלה ד־תורה און פנימיות התורה) אין אַן אופן פון „כפליים לתושי'" (דער אויפטו פון די לוחות האחרונות שניתנו ביוהכ"פ)[46]. „כפליים" און „תושי'"[47], און חיבור שני־הם יחד – „כפליים לתושי'", בפועל ובגלוי – אַז מ'זעט אויף דעם תלמיד ווי תורתו איז „אומנתו".

ואין ענין יוצא מידי פשוטו: דער לימוד פון תלמידי תומכי תמימים זאָל זיין באופן פון „כפליים לתושי'" לגבי ווי עס לערנט אַן אַנדער איד (אָדער אפילו אַ תלמיד פון אַן אַנדער ישיבה), וואָס זיין „אומנות" איז אין אַנדערע ענינים (אין מצוות וכיו"ב).

און „כפליים לתושי'" מיינט ניט נאָר צוויי מאָל אַזויפיל, נאָר אַ הוספה שלא בערך בלימוד התורה[48].

ה. אין דעם אַלעם (די שליחות מיו־

---

40) וראה תניא פנ"ג.

41) ראה סה"מ תש"ה ע' 73. תש"ט ע' 73 (הא'). תשי"א ע' 87.

42) כמש"נ (בחוקותי כו, ג־ד) אם בחוקותי גו' שתהיו עמלים בתורה כו' (רש"י מתו"כ עה"פ שם) – ונתתי גשמיכם גו'.

43) נתבאר בארוכה בקונטרס ענינה של תורת החסידות סעיף ו ואילך.

44) בחי' יחידה הכללית של הדור – ראה ד"ה פדה בשלום (בשערי תשובה ח"א) לאדמו"ר האמצעי פי"ב. וראה שיחת ליל שמח"ת לפני הקפות ה'תשמ"ו, לקו"ש חכ"ט ע' 360 ואילך.

45) ראה גם שיחת שמח"ת תרפ"ח (סה"מ תרפ"ח ע' ר).

46) ולהעיר שפנימיות התורה לגבי נגלה דתורה היא ע"ד החידוש דלוחות האחרונות לגבי לוחות הראשונות.

47) ראה סנהדרין כו, ב.

48) כמובן משמו"ר שבהערה 28. וראה בדרושים שנסמנו בהערה שם.

חדת פון תלמידי ישיבה) קומט צו אין אַ הדגשה מיוחדת בשנה זו:

היינטיקער יאָר איז אַ שבת׳דיקער יאָר בכמה ענינים: א) דער יאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיט יו״ט של ר״ה שחל להיות בשבת. און דאָס איז דער „ראש השנה״ וואָס איז כולל כל ימי השנה[49], און פון אים ווערט נמשך אויך ווי די ימי השנה שטייען במקומם. ב) ס׳איז אַ שנת השמיטה — „שבת לה׳״[50].

וי״ל דער ענין בזה:

שבת איז ענינו תורה, כמאחז״ל[51] ל„כולי עלמא בשבת ניתנה תורה״, ווייל תורה און שבת זיינען איין זאַך (כמבואר בדרושי רבותינו נשיאינו[52]).

איז דערפון פאַרשטאַנדיק, אַז ב־יוהכ״פ בשנה זו שטייט נאָכמער בהד־גשה און מ׳האָט נאָכמער כחות אויף דעם ענין פון לימוד התורה (ענינם פון תלמידי הישיבות) — ווייל אין צוגאָב דערצו וואָס דער ענין שטייט בהדגשה ביוהכ״פ מצ״ע, ובפרט אַז יוהכ״פ איז „שבת שבתון״[53] (תורה שבתורה)[54] — איז דאָס אויך אַ שנה וועלכע הויבט זיך אָן מיט אַ שבת בימים (און דאָס ווערט נמשך על כל ימי השנה, ובמיוחד ב־יוהכ״פ — ש„נקרא[55] ג״כ ראש השנה ב־כתוב״[56], פנימיות דר״ה[57]), און אַ שבת בשנים — שנת השמיטה.

נאָך אַן ענין אין דעם:

שבת (תורה) איז ענינו תענוג[58]. וואָס תענוג איז בחי׳ יחידה[59] בכחות הנפש[60].

און אין דעם קומט צו אין דעם תענוג — בשעת יו״ט של ר״ה חל להיות בשבת, ווייל ענינו של ר״ה בכלל איז המשכת פנימיות התענוג (יחידה) דלמעלה[61], עאכו״כ ווען ר״ה איז חל להיות בשבת (בימים) שענינו עונג, און אין אַ שבת בשנים (שנת השמיטה). [ולהעיר אַז דער ענין העונג בשבת איז מודגש אין דברי המדרש (בנוגע צו שבת בימים ושבת בשנים) — „כל השביעין חביבין״[62], ענין החביבות ותענוג].

ו. דער ענין התורה שטייט אויך ב־גלוי אין היינטיקן שיעור חומש[63] — דער שיעור חומש פון ערב יוהכ״פ (וואָס ע״פ דין איז נאָך איצטער ערב יוהכ״פ) — ריש פ׳ וזאת הברכה:

---

49) ראה לקו״ת תבוא מא, ג. נצבים מז, א. דרושים לר״ה נח, א. עטרת ראש שער ר״ה בתחלתו. ובכ״מ.

50) בהר כה, ב.

51) שבת פו, ב.

52) ראה תו״א יתרו ע, ג. ויקהל פח, א ואילך. וראה לקמן סעיף ט.

53) אחרי טז, לא. אמור כג, לב.

54) להעיר מלקו״ת דרושים ליוהכ״פ בסופם, ש„שבת שבתון״ הוא בחי׳ אוא״ס המלובש ברדל״א — וזוהי מדרגת תורת החסידות — המשך תער״ב ח״ב סעיף שעד. שעו.

55) לקו״ת דרושים לר״ה נח, א.

56) „ביחזקאל רסי׳ מ״ס״ — הגהת אדמו״ר הצ״צ בלקו״ת שם סד, א.

57) לקו״ת שם.

58) כמ״ש (ישעי׳ נח, יג) וקראת לשבת עונג. וראה רמב״ם הל׳ שבת פ״ל. טושו״ע או״ח סרמ״ב ובנ״כ שם. שו״ע אדה״ז או״ח שם. וראה הערה בסה״מ תרפ״ד ע׳ דש וכסה״מ תש״ט ע׳ 130. ועוד.

59) וראה ד״ה אתה אחד לאדמו״ר האמצעי (ס״ע 8 ואילך — קה״ת, תשכ״ה) ששבת היא בחי׳ יחידה. וראה לקו״ש חט״ו ע׳ 228 ואילך.

60) נסמן לעיל ע׳ 6 (בהברכה לאחרי תפלת מנחה) הערה 48.

61) כדלקמן ס״ט. וראה אוה״ת דרושים לר״ה (דברים כרך ה) ע׳ ב׳קי ואילך. ועוד.

62) ויק״ר פכ״ט, יא.

63) דשיעורי חת״ח (חומש, תהלים, תניא) ה־ידועים.

„תורה[64] צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב. ויהי בישורון מלך": בכדי אַרויס־צוברענגען דעם „תורה צוה לנו משה גו'" בגלוי – איז דאָס אָפּהענגיק ספּע־ציעל אין תלמידי ישיבה, „מאן מלכי רבנן"[65] – אויף וועמען עס שטייט „ויהי בישורון מלך", די וואָס „תורתם אומנ־תם" („ויהי בישורון מלך"), אָדער זיי זיי־נען זיך מכין צו „תורתו אומנתו" (רבנן באופן דמלכי), דורך לערנען תורה כ־דבעי, ל„אסוקי שמעתא אליבא דהיל־כתא"[66].

ז. וואָס כל זה [די הדגשה אויף ענין השבת בשבת זו, און היינטיקער שיעור חומש] גיט נאָכמער צו אין דער נתינת כח וברכות ביום זה צו תלמידי ישיבה אַז זיי זאָלן קענען אויספירן זייער שליחות צו לערנען תורה, ובאופן פון „כפליים ל־תושי'",

ומתוך תענוג ופנימיות התענוג (ענין השבת וענין התורה), און צוזאַמען דער־מיט – מתוך שמחה וטוב לבב, וואָרום אויף תורה שטייט[67] „פקודי ה' ישרים משמחי לב",

ובפרט די תורה פון תלמידי ישיבה – וואָרום היות אַז מ'האָט זיי במיוחד גע־געבן די שליחות צו לערנען תורה, איז „איני מבקש כו' אלא לפי כחן"[68], האָט מען זיי פון פריער זיכער געגעבן כל המצטרך בגשמיות וברוחניות, בכדי צו קענען דאָס מקיים זיין בשמחה ובטוב לבב, האָבנדיק אַלע צרכים גשמיים,

במילא איז דאָס ניט מבלבל, און דאַרף ניט מבלבל זיין

און קען ניט מבלבל זיין, וואָרום דאָס איז היפך ענין התורה, אַ איד דורך תורה[69] ווערט אַ בעה"ב אויף וועלט[70].

ובפרט תורה באופן פון „תורתו אומנתו" – כפשטות ענין האומנות, אַז דאָס ברענגט אַריין פרנסה (צו דעם אומן) שממנה יחי' נפשו ונפשות בני ביתו, אָנהויבנדיק פון „בני ביתו" שבה־אדם – די אברי הגוף, „עיר קטנה"[71] זה הגוף"[72], דאָס גיט אים זיין פרנסה, סיי בגשמיות כפשוטה, און סיי אַז ער זאָל האָבן בגשמיות די אפשריות המלאה אויף לערנען תורה,

ומתוך שמחה וטוב לבב: סיי „שמחה" („פקודי ה' ישרים משמחי לב", כנ"ל), סיי „וטוב" – „אין טוב אלא תורה"[73], און סיי „לבב" (ניט נאָר „משמחי לב", מיט איין בי"ת, נאָר „לבב") מיט צוויי בי"ת'ן – אַז דורך תורה איז מען מהפך אויך דעם יצה"ר שנמצא בחלל השמאלי שב־לב[74], כמאחז"ל[75] „בראתי יצה"ר בראתי לו תורה תבלין", אַזוי אַז עס ווערט „ואהבת גו' בכל לבבך (בשני בי"ת'ן) – בשני

---

64) פרשתנו לג, ד־ה.

65) ראה גיטין סב, סע"א.

66) יומא כו, א.

67) תהלים יט, ט. תענית ל, סע"א. טושו"ע או"ח ר"ס תקנד.

68) במדב"ר פי"ב, ג.

69) כידוע (לקו"ת תזריע כב, ריש ע"ג. סה"מ ה'ש"ת ע' 116. וראה ס' החקירה להצ"צ סה, א) שהאותות והמופתים שעשו התנאים ואמוראים וכל הצדיקים הרי"ז בכח תורתם.

70) כדרשת רז"ל עה"פ (תהלים נז, ג) לא־ל גומר עלי – ירושלמי כתובות פ"א ה"ב. הובא בש"ך (ושו"ע אדה"ז) יו"ד סי' קפט ס"ק יג (ס"ק כג). וראה שמו"ר פט"ו, ב. דב"ר פ"ב, יד. ירושלמי ר"ה פ"א ה"ג. ועוד.

71) קהלת ט, יד.

72) נדרים לב, ב. תניא פ"ט (יד, א). ועוד.

73) אבות פ"ו, ג.

74) תניא רפ"ט. ובכ"מ.

75) קידושין ל, ב.

יצריך"[76], ניט נאָר אתכפיא, און אפילו ניט נאָר „לבי" חלל בקרבי"[78], נאָר נאָכמער — אתהפכא, „בכל לבבך בשני יצריך", אַז אויך דער צווייטער בי"ת פון „לבב" (דער צווייטער יצר שבחלל השמאלי) דינט דעם אויבערשטן.

ח. אין דעם קומט צו נאָך אַ שליחות מיוחדת פאַר תלמידי ישיבת תומכי תמימים:

נוסף לזה וואָס זיי דאַרפן אַליין לערנען תורה (נגלה דתורה ופנימיות התורה) באופן פון „תורתו אומנתו" און „כפליים לתושי'" — דאַרפן זיי זיין „נרות להאיר"[79] (ווי דער מייסד הישיבה און מנהל פועל של הישיבה האָבן מד־גיש געווען וכמ"פ), משפיע זיין און מאַכן לייכטן דעם אַרום.

און אין אַן אופן — ווי אַ „נר להאיר": כשם ווי די תכונה פון אַ נר המאיר איז, אַז מ'דאַרף צו אים בלויז צורירן נאָך אַ נר (שאינו מאיר) — ווערט דער צווייטער גלייך אָנגעצונדן אָן קיין השתדלות, אַזוי אויך באַ תלמידי תומכי תמימים, איז „כל הנוגע בהם יקדש"[80], מ'דאַרף נאָר צורירן צו זיי דער „נר ה' נשמת אדם"[81] פון יעדער איד (וואָס איז אפשר נאָך ניט אַ נר המאיר בשלימות) — איז זייער עצם מציאות (זיי דאַרפן ניט „רעדן" וכיו"ב) צינדט אָן דעם צווייטנ'ס „נר ה' נשמת אדם"!

ובמיוחד — אין דער שליחות וואָס די מייסדי הישיבה ומנהלי הישיבה האָבן געגעבן די תלמידים — דעם ענין פון „יפוצו מעינותיך חוצה"[82], און דערמיט מלחמה האָבן און מנצח זיין די וואָס „חרפו[83] עקבות משיחך"[84],

און ברענגען דעם „אתי מר" דא מלכא משיחא[82], בחי' יחידה הכללית[85].

ביז אין אַן אופן — אַז די עבודה פון „יפוצו מעינותיך חוצה" ווערט זייער „אומנות" (ע"ד וביחד מיט „תורתם אומנתם"), מער נאָך ווי ביי אַן אַנדער אידן וואָס קען האָבן אַ שליחות בתורה ומצוות והפצת המעינות חוצה, אָבער הפצת כו' ווערט ניט זיין „אומנות", די זאַך וואָס גיט אים „פרנסה" שממנה יחי' נפשו ונפשות בני ביתו (כנ"ל).

ט. וכל הנ"ל (בנוגע די שליחות מיוחדת פון תלמידי ישיבה) האָט אַ שייכות מיוחדת, און איז נאָכמער ממהר — די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואָס דעמולט וועט זיין די שלימות הגילוי פון יחידה בעוה"ז הגשמי (כמדובר פריער נאָך תפלת מנחה)[86] — כמבואר אויך אין די תורות פון אַלע רבותינו נשיאינו:

---

76) ואתחנן ו, ה. משנה ברכות נד, א. ספרי ופרש"י עה"פ.

77) תהלים קט, כב.

78) שאין לו יצה"ר כי הרגו בתענית (תניא פ"א — ה, ב), ולמעלה מזה היא מדריגת אברהם שהפך היצה"ר דכתיב (נחמי' ט, ח) ומצאת את לבבו נאמן לפניך — ירושלמי ברכות פ"ט ה"ה. נת' בלקו"ש ח"ה ע' 64. ועוד.

79) ראה לקו"ש ח"ב ע' 484. ח"י ע' 310. חי"ב ע' 149. ועוד.

80) לשון הכתוב — תשא ל, כט.

81) משלי כ, כז.

82) ראה הנסמן בהערה 87.

83) תהלים פט, נב.

84) ראה שיחת אדמו"ר מהורש"ב נ"ע שמח"ת תרס"א — הידועה בשם מאמר „כל היוצא למלחמת בית דוד" — נדפסה בס' השיחות תש"ב ס"ע 141 ואילך. לקו"ד ח"ד תשפז, ב ואילך.

85) נסמן לעיל ע' 14 (בהברכה לאחרי תפלת מנחה) הערה 128.

86) ראה בהנסמן שם (ע' 14) הערה 129.

ווי דער בעש"ט האָט מגלה געווען באגרת הקודש שלו[87], וואָס ער האָט געהערט אין היכל דמשיחא, על שאלתו (למשיח) „אימת אתי מר" — „בעת שי־תפרסם לימודך ויתגלה בעולם ויפוצו מעינותיך חוצה".

ובפרט ע"פ מאמר הרב המגיד ה־ידוע[88], במחז"ל[89] „דע מה למעלה ממך" — „דע" אַז „מה שלמעלה" איז דאָס אַלץ „ממך" (וואָרום יעדער איד האָט אין זיך בחי' יחידה וואָס פועל'ט אויף זיין עשי' בפועל, כנ"ל נאָך תפלת מנחה) — איז פאַרשטאַנדיק אַז בשעת מלמעלה האָט מען שוין פון לאַנג אָפגע'פסק'נט[90] אַז „כלו כל הקיצין" און עס קומט משיח צדקנו, און „אין הדבר תלוי אלא בתשו־בה"[91], ד.ה. אַז דאָס איז תלוי „ממך", אין עבודת התשובה פון אידן, וואָס תשובה עילאה איז דער ענין התורה[92], במילא איז פאַרשטאַנדיק אַז ביאת המשיח איז תלוי אין לימוד התורה, ובמיוחד — פון די וואָס תורה איז זייער „אומנות".

ובפרט אַז דורך לימוד התורה שלהם (באופן פון „אומנתו") ווערן זיי נתאחד מיט תורתו של יחידו של עולם מיט אַ „יחוד נפלא כו'", דער ענין פון „תורתו אומנתו" באיכות (כנ"ל) — ווי דער אַלטער רבי איז מבאר אין ספר התניא.

און אין כחות הנפש — איז דאָס דער ענין התענוג, לימוד התורה מתוך עונג ושמחה וטוב לבב — וואָס המשכת פני־מיות התענוג הויבט זיך אָן פון ר"ה, ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר אין סי־דור[93], און דאָס שטייט בהדגשה מיוחדת בשנה זו, ווען יו"ט של ר"ה חל להיות בשבת, וואָס שבת (עונג) און תורה זיינען איין זאַך (כנ"ל), כמבואר בדרושי חסידות פון דעם אַלטן רבי'ן[52], דעם מיטעלן רבי'ן[94], דעם צ"צ[95] און די נשיאים שלאחריהם ממלאי מקומם.

ובפרט ע"פ המבואר אין די דרושים פון צ"צ[96] און דעם רבי'ן מהר"ש[97] בענין „את הוי' האמרת היום גו' והוי' האמירך היום"[98], „האמרת" און „האמירך" מלשון שבת ותענוג — אַז בר"ה זיינען אידן מעורר („האמרת") דעם תענוג דלמעלה (בחי' יחידה), און דער אויבערשטער איז („האמירך") מגלה וממשיך תענוג (בחי' יחידה) אין אידן, און דערנאָך ווערט עס נמשך אין די צוויי פירושים פון „האמרת" און „האמירך", לשון לבוש און לשון דיבור, ד.ה. אַז המשכת בחי' יחידה (תענוג) איז ביז אין עוה"ז הגשמי ובאופן גלוי.

וואָס דערפון איז מובן אַז מ'באַקומט די אַלע כחות אויף לימוד התורה אין אַן אופן פון „מלכתחילה אַריבער" — כ־פתגם והוראה הידועה פון דעם רבי'ן מהר"ש[99] [וואָס יום הסתלקותו איז בי"ג

87) נדפסה בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו. ובכ"מ.
88) לקו"א להה"מ סקצ"ח. או"ת קיב, ב.
89) אבות פ"ב מ"א.
90) סנהדרין צז, ב.
91) סנהדרין שם. וראה רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה: הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה כו' ומיד הן נגאלין.
92) אגה"ת ספ"ח ואילך.

93) שער התקיעות רמו, א ואילך.
94) תו"ח יתרו שצג, ב.
95) אוה"ת יתרו ע' תתקכא ואילך.
96) אוה"ת תבוא ע' תתרנו ואילך. תתרסט ואילך. תתרפ ואילך.
97) סה"מ תר"ל ע' רצ ואילך. וראה גם ד"ה את ה' האמרת דליל ערב ר"ה תשמ"ז.
98) תבוא כו, יז־יח.
99) הובא באגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"א ע' תריז.

תשרי, בסמיכות ובהמשך ובתוך להג' ימים פון יוהכ"פ, עשירי בתשרי. וואָס פחות משלשה (ימים) „כלבוד דמי"[100] — געבונדן מיט יוהכ"פ (עשירי בתשרי), און דערנאָך גייט מען גלייך אַריין אין י"ג תשרי, ווען מ'האָט דעם זכות ומזל און כחות[101] פון „מלכתחילה אַריבער"— וואָס דאָס („מלכתחילה אַריבער") איז דער ענין פון המשכת יחידה (תענוג) אין עוה"ז הגשמי (כנ"ל[102]).

וואָס דער גילוי בזמן הזה איז מעין הגילוי דלעתיד לבוא, ווען עס וועט זיין שלימות המשכת והתגלות יחידה (תענוג) בעולם — כמבואר בהמשך ה־ידוע פון דעם רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע ד"ה יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת[103], און אויך אין די מאמרים ובפרט אין די המשכים מיט דער זעלבער התחלה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[104] — אַז יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת איז פאַרבונדן מיטן גילוי התענוג דלע"ל בעוה"ז הגשמי.

יו"ד. און וויבאַלד אַז אייער לימוד התורה איז פאַרבונדן מיט דעם גילוי דלע"ל — דאַרף זיך הערן אין אייער לימוד התורה מעין הגילוי דלע"ל.

ובפשטות:

לימוד התורה לשמה, לשם התורה ו־לשם הקב"ה (וואָס דאָס איז נאָכמער ווי אליבא דנפשי') — ווי דער רמב"ם איז מאריך אין פרק עשירי פון הלכות תשו־בה, די שלימות (פרק עשירי — מספר השלם[105]) אין תשובה — תשובה עילאה, ענין התורה.

יא. ויה"ר אַז דאָס זאָל נאָכמער צו־איילן די גאולה האמיתית והשלימה, ווען עס וועט זיין שלימות הגילוי פון כל ענינים הנ"ל, כולל די שלימות פון לימוד התורה לשמה — „לא[106] יהי' עסק כל העולם אלא לדעת את ה' בלבד כו', שנאמר[107] כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

און במהרה בימינו ממש וועט מען קומען פון „כנור של מקדש של שבעת נימין"[108], „כל השביעין חביבין" — צו „למנצח על השמינית"[109], כנור של שמונה נימין בימות המשיח[108], ביז דער שלימות בזה — „עלי עשור"[110], כנור של עשרה נימין לע"ל[108].

„בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותי־נו"[111], „קהל גדול ישובו הנה"[112], שלימות העם,

צוזאַמען מיט שלימות התורה וה־מצוות — „כספם וזהבם אתם"[113], וואָרום תורה לשמה ווערט געלערנט מתוך

---

100) רמב"ם הל' שבת פט"ז ה"ח. ובכ"מ. וידוע גם שג' ימים נחשבים למציאות אחת — ראה: פסחים קו, סע"א. רמב"ם שם פכ"ט ה"ד. שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ה ס"ה. סרצ"ט ס"ח.

101) ראה לעיל ע' 8 בהברכה לאחרי תפלת מנחה (סעיף ז).

102) בהברכה שם.

103) תרס"ו — ע' תקמג ואילך.

104) ראה המשך יו"ט של ר"ה תרצ"ו (בסה"מ קונטרסים ח"ג).

105) ראה ראב"ע עה"פ שמות ג, טו. פרדס שער ב.

106) רמב"ם סוף הל' מלכים.

107) ישעי' יא, ט.

108) ערכין יג, ב.

109) תהלים יב, א.

110) שם צב, ד.

111) כמ"ש ביצ"מ — בא י, ט.

112) ירמי' לא, ז.

113) ישעי' ס, ט.

אהבה ויראה[114], דחילו ורחימו (בלשון התקו"ז[115]), כסף וזהב רוחניים[116],

און זיי זיינען דער מקור פון כסף וזהב גשמיים[117], ובמילא איז מובן אַז דורך לימוד התורה (ובפרט לשמה) באַקומט מען כל הצרכים הגשמיים[118], וואָרום אַ איד דורך תורה איז בעה"ב אויף וועלט, און תורה לאָזט ניט צו קיין ענינים מבלבלים ללימוד התורה וקיום המצוות (כנ"ל ס"ז). ובפרט אַז מ'האָט אויף דעם אויך די כחות פון רבותינו נשיאינו, כנ"ל.

114) תניא ספל"ט, פ"מ.

ולהעיר מהראי' שהביא אדה"ז (בית רבי ח"א פ"כ) לדברי התקו"ז (שבהערה הבאה) ש„אורייתא בלא דחילו ורחימו לא פרחא לעילא" — מהא דפסחים (נ, ב) „רבא רמי כתיב (תהלים נז, יא) כי גדול עד שמים חסדך וכתיב (שם קח, ה) כי גדול מעל שמים חסדך, הא כיצד כאן בעושין לשמה וכאן בעושין שלא לשמה". ועפ"ז — תורה לשמה היא מתוך דחילו ורחימו.

115) תיקון יוד (כה, ב).

116) ראה תו"א ר"פ וישב. תו"ח שם נח, א ואילך. לקו"ת בהעלותך לב, ד. ובכ"מ.

117) ראה תניא רפ"ג: נשתלשלו מהן.

118) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ט.

צוזאַמען מיט שלימות הארץ — כיבוש שבעה עממין, ביז דער שלימות בזה — „ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[119], כיבוש עשר עממין, כולל קיני קניזי וקדמוני[120].

ובפשטות — אַז פון דעם יוהכ"פ וועט מען טאַנצן לקבל פני משיח צדקנו, מתוך שמחה וטוב לבב,

ווי מ'איז מכריז בסיום תפלת נעילה ביוהכ"פ — „לשנה הבאה בירושלים", וידוע פירוש כ"ק מו"ח אדמו"ר בזה[121], אַז די גאולה קומט גלייך און דעמולט וועט בדרך ממילא זיין „לשנה הבאה בירושלים",

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש, ובעגלא דידן.

אמן כן יהי רצון.

119) ראה יב, כ. שופטים יט, ח.

120) ספרי ראה שם. פרש"י שופטים שם. ועוד.

121) ס' השיחות תש"ה ע' 83.



## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנשי כפר חב"ד, בעת מסירת האתרוגים ע"י באי כח הכפר שיחיו — ערב שבת קודש, ערב חג הסוכות ה'תשמ"ז

דער אויבערשטער זאָל מצליח זיין יעדערן, בתוך כלל ישראל, צו ממשיך זיין אַלע המשכות פון די ד' מינים על כל השנה כולה, סיי באַ זיך, און סיי באַ אַלע אידן, וואָס זיי טיילן זיך אויף די ד' סוגים וואָס כנגדם זיינען די ד' מינים[1],

וכל זה — מתוך שמחה וטוב לבב.

און דאָס זאָל ברענגען די ברכה העי־קרית — עס זאָל זיין אַ געבענטשטער יאָר, ברוחניות ובגשמיות וברוחניות גם יחד,

ביז די ברכה הכי עיקרית — ביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, און באופן פון „קהל גדול ישובו הנה"[2], אַלע ד' סוגים פון אידן ווי זיי ווערן איין „קהל גדול"[3].

און מעין זה (מאַכן איין „קהל גדול" פון די ד' סוגים בישראל) טוט מען נאָך בזמן הגלות[4] — „טועמי'[5] חיים זכו"[6],

און דאָס גופא איילט נאָכמער צו די גאולה[7] ע"י משיח צדקנו[8],

און אַלע אידן צוזאַמען, צוזאַמען מיט „הקיצו ורננו שוכני עפר"[9] — טאַנצן אַריין אין די גאולה האמיתית והשלימה, ומתוך שמחה וטוב לבב, „שמחת עו־לם"[10], במהרה בימינו ממש.



---

1) ויק"ר פ"ל, יב.

2) ירמי' לא, ז.

3) ע"ד שכל הד' מינים (שהם כנגד הד' סוגים בישראל) נעשים „אגודה אחת" (תפלת העמידה דר"ה ויוהכ"פ. וראה ויק"ר שם), ומצוה אחת (ראה סהמ"צ להרמב"ם שורש יא).

4) עיין שיעור חומש דהג' ימים דכלבוד הם (נסמן לעיל ע' 8 הערה 64), ובחותמם דוקא: ויהי בישורון מלך בהתאסף גו'.

ולהעיר אשר בהתאסף גו' יחד הוא במיוחד בג' רגלים ובפרט בחה"ס (דאז הציווי דאל תאחר (תצא כג, כד. ר"ה ד, סע"א)) — ע"י שמתאספים בפועל בערב יו"ט, כפשוט.

5) פע"ח שער השבת רפ"ג. שער הכוונות ענין טבילת ערב שבת. וראה שו"ע אדה"ז הל' שבת סר"נ ס"ח.

6) ראה לקו"ש חט"ו ע' 282. ח"כ ע' 173.

7) כי ע"י אהבת ואחדות ישראל מבטלים סיבת הגלות (יומא ט, ב), ובמילא נתבטל המסובב (גלות). וראה תנחומא (נצבים א. באבער — ד): „אין ישראל נגאלין עד שיהיו כולן אגודה אחת".

8) ועפ"ז יש לבאר מאחז"ל (פסחים ה, א) שבשכר נטילת ד' מינים (ולקחתם לכם ביום הראשון) זכו לשמו של משיח (ובלקוטי לוי"צ (אגרות ע' קו־ז) מבאר השייכות דהד' מינים לד' שמות של משיח, שמרומזים גם בר"ת של משיח — מנחם, שילה, ינון, חנינה) — כי נטילת (אחדות) ד' מינים מרמזת על אחדות ד' סוגים דישראל, שזה ממהר ומביא (שמו של) משיח (כמ"ש בהערה הקודמת).

9) ישעי' כו, יט.

10) שם לה, י. נא, יא.

## משיחות יום שמח"ת ה'תשמ"ז

א. ענינו של שמע"צ ושמח"ת הוא — שכל עניני חודש תשרי באים באופן של קליטה בפנימיות[1].

והכוונה בזה — להמשיך כל ענינים אלו בעבודה ד"ויעקב הלך לדרכו"[2], החל ממוצאי שמח"ת[3], וכן בימים שלאח"ז, במשך כל השנה כולה.

וכמודגש גם בקרה"ת דשמח"ת — ש"מתכיפין התחלה להשלמה"[4], "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[5], להורות שגם השלימות דשמח"ת, "גמרה של תורה"[6], צריכים להמשיך בעבודה בעניני העולם, שמים וארץ וכל צבאם[7], במשך כל השנה כולה.

ומזה מובן, אשר, בעמדנו ביום שמח"ת, הרי זה הזמן המתאים ומסוגל ביותר לקבל החלטות טובות בנוגע לעבודה דכל השנה כולה.

ב. ועוד וגם זה עיקר — שיש מעלה יתירה בקבלת החלטות טובות בשמח"ת, להיותן באופן של פריצת גדר:

ב"זמן שמחתנו" גופא, הרי, עיקר ושלימות השמחה היא — בשמח"ת[8], שאז, השמחה גדולה יותר מכל שבעת ימי הסוכות (כולל שמחת בית השואבה, עלי' אמרו[9] "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו"), ובלשון הידוע דכ"ק מו"ח אדמו"ר[10] — "מצות היום בשמחה".

והנה, מתכונת השמחה — שפורצת גדר[11], למעלה ממדידה והגבלה, ומזה מובן, שכל הענינים שנעשים בשמח"ת, להיותם חדורים בשמחה (מצות היום בשמחה), הרי הם באופן של פריצת גדר.

ובנוגע לענינו, קבלת החלטות טובות בנוגע לעבודה דכל השנה כולה — הרי, נוסף לכך שעצם הענין דקבלת החלטות טובות על העתיד הוא בבחינת פריצת גדר, היינו, פריצת גדר דזמן שיהי' בכחו לפעול גם על הזמנים שלאח"ז, הנה עוד זאת, שבשמח"ת יש נתינת כח מיוחדת שהעבודה דכל השנה כולה תהי' באופן של פריצת גדר, למעלה ממדידה והגבלה.

ובזה גופא — לא רק ביחס לגדר, מדידה והגבלה, דמצב ההוה, אלא גם ביחס לגדר, מדידה והגבלה דמצב העתיד:

מכיון שכללות העבודה היא באופן

---

1) ראה לקו"ת דרושים לשמע"צ פה, ד. צא, א. ובכ"מ.
2) ל' הכתוב — ויצא לב, ב.
3) כידוע המנהג בליובאוויטש להכריז במוצאי שמח"ת "ויעקב הלך לדרכו" (אגרות-קודש אדמו"ר מוהריי"צ ח"א ע' קצד. וראה לקו"ש ח"כ ע' 556 ושי"נ).
4) נוסח "מרשות" לחתן בראשית.
5) בראשית א, א.
6) טור ורמ"א או"ח סתרס"ט.
7) ועד — להביאם למצב של "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם" — תכלית שלימותם (ואשתכללו — ת"א בראשית ב, א). — וראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך.
8) גמר וחותם דשמע"צ — ובאה"ק באותו היום.
9) סוכה נא, סע"א — במשנה. שם, ב.
10) ראה סה"ש תש"ג ריש ע' 8. תש"ה ע' 58. וראה בארוכה שיחת ליל שמח"ת תשמ"ה.
11) ראה בארוכה סה"מ תרנ"ז ס"ע רכג ואילך.

ד„ילכו מחיל אל חיל"[12], „מעלין בקודש"[13] — הרי מובן, שגם ענינים אלו שבמצב ההוה נחשבים אצלו באופן שלמעלה ממדידה והגבלה, נעשים גם הם באופן של גדר ומדידה והגבלה לפי־ערך העילוי שיתוסף אצלו בעתיד, ובמילא, הענין דפריצת גדר שבעתיד הוא — ביחס גם לענינים הכי נעלים, ובאין־ערוך.

ובכן, הנתינת כח דשמח"ת לעבודה באופן דפריצת גדר במשך כל השנה כולה היא — גם לפי־ערך מעמדו ומצבו בעתיד, היינו, שבכל מעמד ומצב, בכל דרגא ודרגא, בעילוי אחר עילוי, תהי׳ עבודתו באופן של פריצת גדר.

ג. ואם הדברים אמורים בנוגע לכל עניני העבודה — בעניני עבודה שתוכנם הו"ע של פריצת גדר, על אחת כמה וכמה:

כללות עבודת השליחות דכ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בהפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה — הוא ענין של פריצת גדר, כלומר, התגלות והתפשטות אור הקדושה, תורה ויהדות, עד למעיינות דתורת החסידות, בכל מקום ומקום, עד ל„חוצה" שאין „חוצה" הימנו, באופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

ולא עוד, אלא שאור הקדושה נמשך ומתפשט גם אצל אומות העולם — ע"י הפצת התורה והמעיינות גם בשבעים לשון דאוה"ע, החל מפעולת ההשפעה על אוה"ע לקבל מצוות שנצטוו בני נח (כפס"ד הרמב"ם[14]), אשר, ענין זה מהווה הכנה לקיום היעוד[15] „למען דעת כל עמי הארץ כי ה׳ הוא האלקים אין עוד" (כפי שאומרים בסיום ההושענות דכל א׳ דימי הסוכות[16], וכן בהפטרה דשמיני־עצרת — באופן של קליטה בפנימיות).

ועפ"ז מובן ששמח"ת הוא זמן מסוגל ביותר לקבל החלטות טובות בנוגע להפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה בכל העולם כולו, ובאופן של פריצת גדר, למעלה ממדידה והגבלה, עד שפועלים חידוש בכל העולם, כאמור — הענין ד„בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", חידוש הבריאה.

ד. ויש להוסיף, שענין זה מודגש ביותר בפעולה דהפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה, ע"י הקמת בתי תפלה, בתי תורה, ובתי צדקה וגמ"ח, ומה טוב — בית א׳ הכולל שלשתם, ע"ד הבתים „בית יוסף יצחק ליובאוויטש, בית חב"ד"[17], שכן, פעולה (דההפצה) ע"י הקמת בית היא באופן של פריצת גדר.

ובהקדמה:

אודות העילוי ד„בית" לגבי „לבוש" ו„מזון" (ג׳ הענינים הכוללים כל צרכי האדם) — מבואר בלקו"ת דפרשתנו[18] ש„מזון הוא חיות פנימי שנעשה פנימית וחיות לו . . ולבושים הם מקיפים על

---

12) תהלים פד, ח. ברכות ומו"ק בסופן. שו"ע אדה"ז או"ח רסקנ"ה.

13) ברכות כח, א. וש"נ.

14) הל׳ מלכים ספ"ח.

15) מלכים א׳ ח, ס.

16) שבהם מקריבים (גם) שבעים פרים, כנגד שבעים אומות העולם (סוכה נה, ב. ועוד), שעי"ז נעשה הבירור והעלי׳ שלהם (ד"ה בסוכות תשבו תשל"ו (סה"מ מלוקט ח"א ע׳ קעה ואילך), תשל"ח (שם ע׳ רמח־ט), ועוד).

17) הביאור בפרטי השם — ראה שיחות ש"פ דברים, שבת חזון תשמ"ז (לקו"ש חכ"ט ע׳ 50־249).

18) ברכה צח, ד ואילך. וראה גם המשך מים רבים תרל"ו פרק ר׳. סה"מ תשי"ד ע׳ 120. ובכ"מ.

האדם שמקיפו ומלבישו . . בתים הם ג"כ מקיפים על האדם, רק לא כמו הלבושים שהם עליו ממש (מקיפים ומגינים עליו, אבל, בערך למדתו), משא"כ הבתים הם מרוחקים מן האדם . . בחי' מקיף דמקיף", היינו, ש„הבתים שרשם למעלה יותר גבוהים מן הלבושים והלבושים מן המזון", ולכן, הלבושים „הם יותר ביוקר ומתקיים יותר, לפי ששרשו למעלה גבוה יותר ממזון . . שהוא מאור המוגבל בכלים, משא"כ לבושים שרשם מבחי' סובב שאינו מוגבל בכלים, ולכן אין לו כליון כ"כ . . ובתים . . הוא יותר ביוקר ומתקיים ביותר, מפני ששרשם למעלה מעלה מבחי' מקיף דמקיף".

ונמצא, שהענין דהעדר ההגבלה (למעלה מהגבלת הכלים), פריצת גדר — מודגש בעיקר בנוגע ל„בית"[19].

ועד"ז בנוגע לעבודה דהפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה — שיכולה להיות בכמה אופנים: (א) באופן פנימי ממש, אור המוגבל בכלים, בדוגמת המזון; (ב) באופן מקיף, היינו, שהתחלת הפעולה היא ע"י גילוי אור שלמעלה מהתלבשות בכלים, בדוגמת הלבוש שמקיף את כל מציאותו, אלא שאעפ"כ יש בזה איזו מדידה, להיותו לפי מדת האדם; (ג) גילוי אור עליון יותר — בחי' מקיף דמקיף, למעלה לגמרי ממדידה והגבלה, בדוגמת ה„בית" שהוא „מקיף הרחוק", ואינו עשוי לפי מדת האדם.

היינו, שעיקר הענין דפריצת גדר בעבודה דהפצת התורה והיהדות והמעיינות, הוא — באופן של „בית", כדלקמן.

ה. ביאור הדברים:

כשבאים למקום מסויים על מנת לעסוק בהפצת התורה והיהדות והמעיינות — יכולה להיות הפעולה באופן שהולך לחפש ולבקר כל אחד ואחד בפרטיות, ולדבר עמו באופן פרטי, בסגנון המתאים למעמדו ומצבו הפרטי, תכונות נפשו, וכיו"ב, כלומר, פעולה ע"י גילוי אור המוגבל בכלים (בדוגמת המזון).

אמנם, ישנו גם אופן פעולה ע"י גילוי אור שלמעלה מהגבלת הכלים — ועד"ז שמקימים בית תורה, בית תפלה, בית צדקה וגמ"ח, או בית א' הכולל שלשתם, שאז אין צורך לחפש כאו"א בפרטיות, שהרי אדרבה — באופן כזה יתקבצו מאליהם כו"כ, ועד — כל אלה הנמצאים בסביבה, ויבואו מעצמם לבית זה, להתפלל, ללמוד תורה, או לתת צדקה,

ועאכו"כ בבית הכולל שלשתם, שעי"ז שיתכנסו לבית זה, יהיו בידם (לא רק תפלה לחוד, תורה לחוד, או צדקה וגמ"ח לחוד, כי אם) כל ג' הקוין דתורה עבודה וגמ"ח, שבהם כלולים כל עניני העבודה דתומ"צ, אשר, באופן כזה

---

19) ולהעיר, שגם ענין השמחה (שפורצת גדר) קשור עם ענין ה„בית" — כמובן מלקו"ת שם בביאור דברי התוספתא (פ"ג דפאה) „מה ראית לשמוח בשמחת מצוה זו מכל מצוות שבתורה . . זו שלא לדעתנו", למעלה מהדעת, ש„שרשה מבחי' מקיף דמקיף", ענין ה„בית", כמבואר בהמשך הענין (צט, ג) בנוגע לשמחה ד„חנוכת הבית".

ויש לקשר ענין זה עם השמחה דשמע"צ (ושמח"ת) — שאז: (א) נכנסים מ„סוכה", דירת עראי, ל„בית", דירת קבע (ראה תיב"ע פינחס כט, לה: „תהוון בחדוא מן מטילכון לבתיכון כנישת חדוא ויומא טבא", וראה לקו"ש ח"ט ע' 229 ובהערה 31). (ב) בהפטרה דשמע"צ מדובר אודות חנוכת בית המקדש (למעלה מ„ואהי' מתהלך באוהל" — משכן), ומבואר בלקו"ת שם שהשמחה דבחי' מקיף דמקיף היא „כ"ש בחנוכת בית המקדש שזהו כללות בחינה זו".

**מודגש עוד יותר שהפעולה היא באופן שלמעלה ממדידה והגבלה.**

**וכמשל הידוע — שנתבאר בשיחות דכ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו[20] — „א חסיד איז א לאמטערנשציק״, האיש שהולך ברחוב להדליק פנסי העיר:**

**כשבאים למקום חשוך, אשר, לעת־עתה לא מאיר אור הקדושה במקום זה — אזי, העצה היעוצה, להדליק פנס באמצע הרחוב, ומטבע הדברים, שבנ״א נמשכים ומתקבצים למקום האור[21], כך, שאין צורך לדפוק בדלת ולחפש את האנשים הנמצאים שם כדי להאיר להם כו׳ (ומה גם שיתכן שמלכתחילה לא יפתחו לו את הדלת כו׳), מכיון שבאים מעצמם[22], ולא עוד, אלא שבאים גם ממקומות כאלו שלא שיער מלכתחילה שיש שם בני־אדם.**

**וככל הדברים האלה בנוגע להקמת בתי תורה, בתי תפלה ובתי גמ״ח, ועאכו״כ בית א׳ הכולל שלשתם — אשר, עי״ז גדולה ההצלחה דהפצת התורה והיהדות והמעיינות שלא בערך לגמרי, עד לאופן דפריצת גדר, למעלה ממדידה והגבלה.**

**ו. ולכן, בעמדנו ביום שמח״ת, הרי זה הזמן המתאים לעורר ע״ד קבלת החלטות טובות בכל הקשור להקמת בתי תורה, בתי תפלה ובתי צדקה וגמ״ח, וב־מיוחד — בית א׳ הכולל שלשתם, „בית חב״ד״ (כמדובר כמ״פ במשך השנה החולפת[23]).**

**ובאותיות פשוטות בנוגע למעשה בפועל, המעשה הוא העיקר[24]:**

בכל מקום ומקום **שדרים בו יהודים — יש להקים בהקדם הכי אפשרי „בית חב״ד״,**

**ובמקומות שבהם ישנו כבר „בית חב״ד״ — להגדילו ולהרחיבו, ע״י הוספת חדר או קומה וכיו״ב, אשר, עי״ז יתוסף גם בפעולות דהפצת התורה וה־יהדות והמעיינות, הן בכמות והן באיכות.**

**ז. ויש להוסיף בביאור נחיצות והכרח הדבר, ושייכותו (ובנקל) לכל אחד ואחד — בימינו אלו:**

**בשנים שעברו, כאשר התחילה עבודת השליחות בהקמת בתי חב״ד — יתכן שהי׳ מקום לספק במדת ההצלחה וכו׳, בבחינת „אל יתהלל חוגר כמפתח״[25].**

**משא״כ בימינו אלו, לאחרי שעברו** למעלה משלושים שנה **(אשר, בתלת**

---

20) סה״ש תש״א ע׳ 136. וראה בארוכה שיחת י״ב תמוז תשכ״ב.

21) להעיר שגם התפשטות והליכת האור (בכל מקום) הוא בתכלית המהירות, עד שכמעט אין בזה שהיית זמן כלל.

ויש לומר (ראה עד״ז לקו״ש ח״ז ע׳ 156. חכ״ה ע׳ 239) שזהו מפני שענין האור הוא בלי־גבול, ורק בהמשכתו בעוה״ז הגשמי — שאז מוכרח שיהי׳ בו הגבלה דזמן ומקום — ביטוי הבל״ג שבו הוא בכך שהתפשטותו היא בתכלית המהירות, כנ״ל.

22) ע״ד שמצינו אצל שלמה המלך — ה„אושפיזא״ דשמע״צ — שמפני תוקף האור דאבוקה גדולה, נתקבצו מאליהם ניצוצות הקדושה ונכללו באבוקה (תו״א בראשית ו, רע״א. ובכ״מ). ועד״ז בנוגע לכ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו — ה„אושפיזא״ החסידי דשמע״צ — שבכחו ובשליחותו נעשית כללות העבודה דהפצת התורה והיהדות והמעיינות חוצה באופן האמור.

23) ראה שיחות: נר ה׳ דחנוכה (לקו״ש חכ״ה ע׳ 400), עשרה בטבת (שם ע׳ 473), ש״פ חו״ב י״ב תמוז (לקו״ש חכ״ח ע׳ 276), ש״פ דברים שבת חזון (לקו״ש חכ״ט ע׳ 248 ואילך) (ועוד) — תשמ״ז.

24) אבות פ״א מי״ז.

25) מלכים א׳ כ, יא.

זימני הוי חזקה[26], אפילו ג' שנים, ועאכו"כ ג' תקופות דעשר שנים, שכל עשר שנים הם תקופה אחת שלימה[27]) של פעילות בהפצת התורה והיהדות וה־מעיינות חוצה, ורואים במוחש מה שהצ־ליחו לפעול ע"י פעילות זו — הרי בודאי ובודאי שבכל מקום שיקימו בו „בית חב"ד", מובטחת הצלחה רבה ומופלגה בהפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה, לאור הנסיון מכל שאר המקומות, מקומות שונים, שבהם דוגמא מכל קושי (שוועריקייט) אפשרי, הן בנוגע לדרכי הפעולה והן בנוגע להתגברות על הקושיים וכיו"ב.

ועאכו"כ בנוגע להרחבת בתי חב"ד הקיימים כבר — שבהם אין צורך ללמוד ממקום אחר, מכיון שכבר ראו במוחש את מדת ההצלחה במקום זה עצמו.

ומכיון שכן, אין הדבר תלוי אלא בר־צונו של כאו"א — להצטרף לשלוחים שעוסקים במילוי השליחות דכ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (באופן ד„שליח עושה שליח", עד מאה שלוחים[28]), שכן, עבודת השליחות בימינו אלו היא בבחינת הליכה בדרך סלולה, השייכת לכל אחד ואחד ממש, ללא יוצא מהכלל.

„ובחנוני נא בזאת"[29]: כל מי „שימסור" את עצמו, מתוך מסירה ונתינה, לעבודת השליחות דהפצת התורה והיהדות וה־מעיינות ע"י (השתתפות ב)הקמת בתי חב"ד — יווכח ויראה בעצמו בפועל ממש!

ח. ויה"ר שינצלו „יום סגולה" זה לקבל החלטות טובות בנוגע להקמת בתי חב"ד בכל מקום ומקום ממש.

וכאמור, שישנה נתינת כח מיוחדת ע"י השמחה דשמח"ת — שמחה פורצת גדר,

ובזה גופא — נוסף לכך שעצם הפעולה דהפצת התורה והיהדות וה־מעיינות ע"י בתי חב"ד הו"ע דפריצת גדר (כנ"ל בארוכה), הרי, גם אופן הפעולה יהי' מתוך שמחה שפורצת גדר, שלא להתפעל משום דבר כו', באופן ד„לכתחילה אריבער"[30] [בודאי לא באופן דעולם התוהו, כי אם, בסדר דעולם התיקון, „ויעקב (בעל עולם התיקון) הלך לדרכו", אבל בעולם התיקון גופא — באופן ד„לכתחילה ארי־בער"[31]], אשר, עי"ז ניתוסף עוד יותר במדת ההצלחה, כמובן וגם פשוט.

ועד שזוכים לקיום היעוד[32] „עלה הפורץ לפניהם" — דוד מלכא משיחא, שאז יהי' ענין ה„בית" — בית המקדש — בתכלית השלימות[33] („כיעקב שקראו

---

26) ב"מ קו, ריש ע"ב. וש"נ.

27) ראה אבות ספ"ה. לקו"ש ח"ב ע' 593 הע' 13.

28) ראה שיחת ש"פ בראשית (ב) — המשך לשמח"ת תשמ"ה. ועוד.

29) ל' הכתוב — מלאכי ג, י. ולהעיר מתענית ט, א — בנוגע למעשר, וכן בצדקה, כפס"ד ברור בשו"ע יו"ד סו"ס רמז — סימן ראשון בהל' צדקה, וי"ל עד"ז בנדו"ד — צדקה רוחנית.

30) ראה אגרות־קודש אדמו"ר מוהריי"צ ח"א ע' תריז. לקו"ש ח"א ע' 124. ועוד.

31) להעיר, שגם ענין זה שייך ליעקב — „נחלה בלי מצרים . . נחלת יעקב אביך . . כיעקב שכתוב בו ופרצת" (שבת קיח, סע"א ואילך).

32) מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י. אגדת בראשית ספס"ג.

33) ויש להוסיף, דמכיון ש„בית" הוא למעלה מדעת ורצון האדם (לקו"ת שם צט, ג) — לכן, העבודה ד„בית" היא הקדמה וכלי למשיח שבא בהיסח הדעת (סנהדרין צז, א), „למעלה מבחי' הדעת" (אגה"ק ס"ד). ולהעיר מהמובא בלקו"ת שם (ק, א) בענין לידת דוד (שהי' באופן שלא הי' יכול להתלבש „בדעתו" של ישי) — דיש לומר, שזהו מפני שענינו של דוד הוא — דוד מלכא משיחא, שענינו למעלה מהדעת.

**בית"**[34]**), וכן תכלית השלימות דגילוי אור הקדושה בכל העולם כולו („השמים החדשים והארץ החדשה"**[35]**), כאמור, „למען דעת כל עמי הארץ כי ה' הוא האלקים אין עוד", ויתירה מזה, „ונגלה כבוד ה' וראו** כל בשר **יחדיו כי פי ה' דיבר"**[36]**.**

**ובאופן דפריצת גדרי הזמן — במהרה בימינו** ממש[37]**, בשעתא**[38] **חדא וברגעא חדא, „**מיד הן **נגאלין"**[39]**.**

34) פסחים פח, א. וראה חדא"ג מהרש"א ועיון יעקב שם (וראה לקו"ש חט"ו ע' 231 ואילך. ושי"נ).

35) ישעי' סו, כב.

36) ישעי' מ, ה. וראה שער האמונה פכ"ד ואילך.

37) מ'טאפט עס אן מיטן חוש המישוש. — ראה שער היחוה"א פ"ט.

38) בתנועה (מל' וישע ה' אל הבל — ע"ד הפירוש בלשון חז"ל „שעה אחת", שעה מלשון הפנה (סה"מ תרל"ז ח"ב ע' שמז. ועוד)), ועפ"ז מובן ההמשך וברגעא.

39) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.



## משיחת ש"פ נח, ו' מרחשון ה'תשמ"ז

א. היינטיקער שבת איז ששה בחשון[1] — דער טאָג אין וועלכן עס האָט זיך פאַרענדיקט דער אומקערן זיך פון דער עלי' לרגל פון חג הסוכות, ווען יעדערער (אויך דער „אחרון שב־ישראל") האָט זיך אומגעקערט צו זיך א היים און צום געוויינטלעכן טאָג טעג־לעכן לעבן.

ווי פאַרשטאַנדיק דערפון וואָס די משנה זאָגט[2], אָראָפּגעבראַכט להלכה בשו"ע[3], אַז שאילת הגשמים (בארץ ישראל) הויבט זיך אָן פון שבעה בחשון ("מליל ז' במרחשון"), „ט"ו יום אחר הרגל כדי שיגיע אחרון שבישראל לנהר פרת", „ולא יעצרנו הגשם"[4].

היות אַז מ'האָט אנגעהויבן שאילת גשמים ב„ליל ז' במרחשון", איז מובן אַז דער „אחרון שבישראל" הגיע לביתו בששה בחשון (וואָרום אויב הגיע לביתו ערשט בשבעה בחשון, קען מען דאָך ניט אָנהויבן שאילת הגשמים בליל ז' חשון, ווייל דאָס קען דאָך גלייך ברענגען גשמים וועלכע וועלן שטערן דעם „אחרון שבישראל" וואָס איז נאָך בדרך).

קומט אויס, אַז היינט — ששה בחשון — איז

א) דער סיום התקופה פון עלי' לרגל בחודש תשרי (בחג הסוכות), בלשון השו"ך[5], אַז כל זמן וואָס אידן זיינען גע־ווען בדרך מעלי' לרגל (אפילו אויב זיי זיינען אוועק פון ירושלים למחרת שמע"צ[6]) און נאָך ניט אָנגעקומען לביתם „הי' דומה להם כאילו הם עדיין בא"י עסוקים בעניני הרגל"[7] [וואָרום במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא[8]];

און ב) התחלת התקופה פון עבודת כל בני ישראל כל אחד בביתו ובמקומו, „איש תחת גפנו ותחת תאנתו"[9], בארץ ישראל אָדער בחוץ לארץ[10], צו מאַכן א דירה לו ית' בתחתונים[11].

ב. כשם ווי אַלע ענינים פאַרבונדן מיט דעם ביהמ"ק זיינען גאַנץ (ברוחניות) אויך איצטער, בזמן הגלות ובחוץ לארץ — אַזוי אויך דער ענין

---

1) ראה זח"ב ערה, א (תוספות): ומאלול כו' עד שיתא בחשון עד דיהדרון בני נשא מחובייהו ויתכפר להון. וראה שיחת ש"פ לך תשד"מ.

2) תענית י, א.

3) או"ח ר"ס קיז. שו"ע אדה"ז שם.

4) שו"ע אדה"ז שם. ועד"ז בריטב"א תענית שם. וראה לקו"ש ח"כ ע' 54 הערה 6.

5) חו"מ סמ"ג ס"ק מז.

6) בלשון הכתוב (מ"א ח, סו. סיום וחותם הפטורת שמע"צ): ביום השמיני שלח (המלך) את העם . . וילכו לאהליהם שמחים וטובי לב.

7) בש"ך שם: ואע"ג דהשתא כו' לשון כו'. אבל עפמ"ש בשו"ע אדה"ז שם שגם „לאחר החורבן היו מתאספים ג"כ מכל הסביבות בירושלים לרגל, כמו שעושים גם היום" — יש לומר, דאין זה רק לשון כו', אלא הענין דעסוקים בעניני הרגל.

8) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות סל"ח. ושי"נ. וידועה הראי' מעירובי תחומין דמקום שדעתו שם, שם הוא מקומו (ראה שו"ע אדה"ז או"ח סת"ח. פרש"י ד"ה חוץ מן המים ומן המלח — עירובין כו, ב).

9) מ"א ה, ה.

10) ראה פרש"י לרי"ף תענית שם „כשחוזרין לבבל מן ארץ ישראל לאחר הרגל". וראה לקו"ש שם הערה 10.

11) ראה תנחומא נשא טז. במדב"ר פי"ג, ו. תניא פל"ז.

האמור בנוגע צו ששה בחשון (אַז דעמולט האָט זיך פאַרענדיקט די תקופה פון עלי' לרגל, און אנגעהויבן די עבודה כל אחד במקומו) איז קיים אויך איצטער בזמן הגלות ובחוץ לארץ.

ובמכ"ש וק"ו: מה־דאָך אַז "ונשלמה[12] פרים שפתינו"[13] אפילו בנוגע צו הקרבת הקרבנות וואָס זיינען אסור בזמן הזה, עאכו"כ אַז דער ענין פון ששה ושבעה בחשון איז קיים אויך איצטער — וואָרום אויך בזמן הזה איז די הלכה והנהגה במעשה בפועל אַז מ'איז שואל גשמים בארץ ישראל[14] אָנהויבנדיק פון שבעה בחשון[15] (צוליב דעם טעם "כדי שיגיע אחרון שבישראל לנהר פרת"), און אויך "לאחר החורבן היו מתאספים ג"כ מכל הסביבות בירושלים לרגל, כמו שעושין גם היום"[16].

ביז אַז דאָס איז אויך נוגע בזמן הזה אין חוץ לארץ — ווי דער דין איז[17], אַז אויב מ'האָט געשריבן אין אַ שטר "אחר הרגל", איז די כוונה בזה — "ט"ו יום אחר הרגל", ווייל ביז דאַן איז נאָך "כאילו . . עסוקים בעניני הרגל".

דאָס הייסט, אַז אויך בזמן הזה ובחוץ לארץ איז ששה בחשון דער סיום התקופה פון די עבודה בחודש תשרי (ובמיוחד בחג הסוכות) און התחלת התקופה פון די עבודה בעולם.

ג. עפ"ז איז פאַרשטאַנדיק, אַז דער תכלית השלימות פון "ויעקב הלך לדרכו"[18] — ווען אַ איד גייט אַרויס פון חודש תשרי בכדי מקיים זיין שליחותו בעולם — הויבט זיך אָן (בעיקר) נאָך ששה בחשון, ווען יעדער איד (אפילו דער "אחרון שבישראל") איז שוין אָנ־געקומען לביתו און הויבט אָן טאָן עבודתו בקיום שליחותו בעולם.

דערפון איז אויך מובן, אַז וויבאַלד דער עיקר ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" הויבט זיך אָן נאָך ששה בחשון (ווייל ביז דעמולט איז "כאילו . . עסוקים בעניני הרגל"), דאַרף דעמולט זיין מעין דער באַוואָרעניש פון שולל זיין דעם "קשה עלי פרידתכם"[19] וואָס איז געווען לאחרי שמע"צ דורך "עכבו עוד יום אחד"[19].

ד. דער ענין (וואָס איז גילטיק פאַר אַלע אידן בכל מקום ומקום) — דריקט זיך אויס נאָכמער בגלוי דאָרט וואו מ'זעט בגלוי ווי "עושים גם היום" מעין ודוגמת הענין פון עלי' לרגל:

בנוגע דעם תוכן הענין פון עלי' לרגל בעבודה הרוחנית בנפש האדם — איז מבואר בכ"מ[20], אַז "משחרב ביהמ"ק,

---

12) מלשון תשלומין, וגם מלשון שלימות (ראה לקו"ת ראה ל, רע"ג. ובכ"מ).

13) הושע יד, ג.

וזהו זכר להקרבת הקרבנות — נוסף על זה שתפלות במקום קרבנות תקנום (ראה ברכות כו, א־ב. רע"מ בזח"ג כח, ב). ועפ"ז יומתק אמירת פסוקי הקרבנות. "ונשלמה פרים שפתינו" (ראה שו"ע או"ח ס"א ס"ט. סו"ס תפ"ח וסתקצ"א).

14) שמתמציתה שותה כל העולם כולו (ראה תענית י, רע"א).

15) ונפק"מ לדינא גם בחו"ל — "טעה היחיד ושאל מטר מז' מרחשון ואילך אינו מחוייב לחזור" (שו"ע אדה"ז או"ח סקי"ז סוס"א. וש"נ).

16) שו"ע אדה"ז שם.

17) ש"ך חו"מ שם.

18) לשון הכתוב — ויצא לב, ב. וראה אגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"א ע' קצד. לקו"ש חט"ו ע' 259 ואילך. וש"נ. מכתב ל' תשרי ר"ח מרחשון תשמ"ז (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). וש"נ.

19) פרש"י פינחס כט, לו. אמור כג, לו. בחיי פינחס שם, לה.

20) לקו"ת ברכה צח, ב. וראה סידור עם דא"ח רעו, א. ס' הליקוטים־דא"ח צ"צ ערך בית הכנסת. וש"נ.

אַז (ווי איר האָט ערשט געזאָגט[5]) „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[12], אַ וועלט וואָס דער אויבער־שטער האָט איר באַשאַפן און פירט מיט איר אָן[13], ביז פועל׳ן אַז עס זאָל זיין „ישמח ה׳ במעשיו"[14], אַז הנהגת העולם זאָל זיין אין אַן אופן אַז דער אויבערשטער איז דערפון צופרידן און (נאָכמער —) פריילעך כביכול, און עס איז „ישמח ישראל בעושיו"[15], אַז אידן פרייען זיך אין מקיים זיין די הוראות פון דעם אויבערשטן (ווי עס שטייט בתורתו).

איז דאָך פאַרשטאַנדיק, אַז לערנענ־דיק תורה און פירנדיק זיך לויט די הוראות אין תורה און אויך באַלייכטנ־דיק דעם אַרום במשך דעם פאַרגאַנגע־נעם יאָר — איז ביי אייך צוגעקומען גאָר אַ סך קלוגשאַפט, סיי בנוגע צו זיך אַליין, און סיי בנוגע צום באַלייכטן דעם אַרום.

ג. דעריבער איז מובן אַז ס׳איז שוין איצטער געקומען די צייט אַז מ׳זאָל אייך געבן — און איר דאַרפט גאָר פאַרלאַנ־גען (און זיכער באמת פאַרלאַנגט איר דאָס) — אַ „ניו מישאַן"[16], אַ נייעם תפקיד ושליחות אין אייער עבודה אַלס „צבאות השם", צו באַלייכטן זיך, „ביתו" און „בחוץ" מיט „נר מצוה ותורה אור".

ווי דער סדר איז בּאַ יעדער צבא, עאכו״כ „צבאות השם", אַז מ׳בלייבט ניט שטיין אויף אַן אָרט און אויפן זעלבן צו־שטאַנד (אפילו אַ גוטן אָרט און צו־שטאַנד), נאָר מ׳דאַרף שטענדיק שטייגן העכער און העכער.

ווי מ׳לערנט אָפּ ספּעציעל פון די נרות חנוכה וועלכע מ׳צינדט אַן באופן פון „מוסיף והולך"[17]: ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס בלילה הראשונה האָט מען מקיים געווען די מצוה דורך אָנצינדן איין ליכטל, צינדט מען אויף מאָרגן צוויי ליכטלעך, א.א.וו. אַזוי אויך אין „נר מצוה ותורה אור": נאָך דעם ווי אַ איד איז מקיים אַ מצוה אָדער לערנט אַ ענין אין תורה, באַנוגנט ער זיך ניט דערמיט, נאָר ער באַווייזט אַז דער אויבערשטער האָט געגעבן „נר מצוה ותורה אור" אין וועלכע מ׳האַלט אין איין וואַקסן, סיי בנוגע צו באַלייכטן זיך אַליין און סיי בנוגע צו באַלייכטן אַלע אַרום.

דעריבער איז אַ דבר הפשוט אַז איר באַנוגנט זיך ניט מיט די „מישאַנס" וואָס איר האָט אויסגעפירט ביז איצטער (ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס איר האָט זיי אויסגעפירט אויפן בעסטן אופן, און בשמחה („ישמח ישראל בעושיו"), און אויך דער אויבערשטער איז דערפון גע־ווען שמח („ישמח ה׳ במעשיו")) — וואָרום ווייבאַלד אַז איר זייט קליגער גע־וואָרן מיט אַ גאַנצן יאָר, אַ יאָר ווען איר האָט געשטיגן אין לימוד התורה און קיום המצוות, אין אַן אופן פון „מוסיף והולך" — פאַרדינט איר איצטער (און מ׳וועט אייך זיכער געבן) אַ „ניו מישאַן". ווי ערקלערט ווייטער.

ד. און ס׳איז זייער פּאַסיק אַז מ׳זאָל אָנהויבן (איבערגעבן וועגן) דער נייער

---

12) בראשית א, א.

13) ראה שעהיוה״א פ״א. לקו״ת שה״ש לו, ב. ובכ״מ.

14) תהלים קד, לא.

15) שם קמט, ב. הובא בתניא ספל״ג (מה״,י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל").

16) ראה שיחה ל„צבאות השם" שבהערה 8 ס״ז (לקו״ש ח״כ ע׳ 443). וש״נ.

17) באופן ד„מהדרין מן המהדרין" (שבת כא, ב. טושו״ע או״ח סתרע״א ס״ב). וברמ״א (או״ח שם) שעתה הוא „מנהג פשוט".

„מישאַן" אין ימי החנוכה, און ספּעציעל אין היינטיקן טאָג חנוכה — וואָרום, ווי געזאָגט פריער, דער „אָרדער און דהי׳ דעי" (מצות היום[18]) פון ימי חנוכה ב־כלל אונטערשטרייכט די כללות'דיקע „מישאַן" (תפקיד) פון „צבאות השם": צו באַלייכטן זיך און די אייגענע שטוב („ביתו") און דעם גאַנצן אַרום („בחוץ") מיט „נר מצוה ותורה אור", און טאָן אין דעם באופן פון „מוסיף והולך", שטייגן אַלץ העכער און העכער.

און ספּעציעל ווען מ'שטייט אור לה׳ דחנוכה, ווען מ'האָט אָנגעצונדן פינף ליכטלעך — דער רוב, „מאַדזשאָריטי", פון שמונת ימי ונרות חנוכה[19]. און ווי באַוואוסט אַז „רובו ככולו"[20], בשעת מ'האָט אַ רוב, איז לייכטער צו דורכ־פירן די גאַנצע זאַך. און אין אונזער פאַל: בשעת מ'האָט אַ רוב פון נרות חנוכה, „נר מצוה ותורה אור", איז לייכ־טער דורכצופירן די שלימות פון באַ־לייכטן זיך און די וועלט מיט „נר מצוה ותורה אור".

ובפרט בשנה זו, ווען דאָס קומט אויך אויס ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב[21], טוב לשמים וטוב לבריות[22] — וואָס לערנט יעדערן אַז מ'דאַרף באַלייכטן און מאַכן גוט אין זאַכן פאַרבונדן מיט דעם אויבערשטן, און באַלייכטן און מאַכן גוט אין זאַכן פאַרבונדן מיט מענטשן אַרום זיך.

דעריבער איז פּאַסיק אַז אין דעם היינטיקן טאָג פון חנוכה זאָל מען אָנ־הויבן די נייע „מישאַן" פאַר „צבאות השם" אין באַלייכטן זיך, „ביתו" און „בחוץ".

ה. די „ניו מישאַן" — ובהקדים:

זיכער ווייסט (און פילט) יעדערער פון אייך ווי טייער און באַליבט איר זייט ביי אייערע עלטערן. און בשעת איר וועט בעטן אַ בקשה ביי אייערע עלטערן, וועלן זיי זיכער דאָס מקיים זיין.

ובפרט אַ בקשה פאַרבונדן מיט חנוכה — אַז איר וועט בעטן אייערע עלטערן „אַדישינאַל" (הוספה) „חנוכה־געלט"[23], חנוכה מתנות, און אַז די עלטערן וועלן זען אַז איר מיינט עס מיט אַן אמת, און אַז די זאַך איז אייך נוגע — וועלן זיי זיכער ערפילן אייער בקשה און אייך געבן די „מתנות".

ובנוגע לענינינו — די נייע „מישאַן" פאַר „צבאות השם":

אייער נייע „מישאַן" איז צו בעטן ביי אייערע עלטערן[24] (כמובן מיט דרך ארץ וכיבוד אב ואם) אייך צו געבן „חנוכה

18) ע"ד הלשון „מצות היום בשופר" (משנה ר"ה כו, ב).

19) בכ"ז — ראה גם שיחה שבהערה 2 (לקו"ש חכ"ה ע' 396 ואילך).

20) הוריות ג, ריש ע"ב. וש"נ.

21) ראה ב"ר פ"ד, ו. פרש"י בראשית א, ז.

22) ראה קידושין מ, א. פיה"מ להרמב"ם פאה בתחלתה. מכתב כ"ק אדמו"ר מהורש"ב נ"ע ומאמר כ"ק מו"ח אדמו"ר בסה"מ תש"ט ע' 18 (השני) ואילך. אוה"ת בראשית לג, א ואילך. משפטים ע' איקנז. איקסא. ועוד.

23) כידוע המנהג לתת „חנוכה־געלט" — „היום יום" כח כסלו. וראה לקוטי לוי"צ — אגרות ע' שנח. שיחת ש"פ מקץ תשט"ז. מוצאי ש"פ וישב תשל"ח. ועוד.

24) ע"פ משנ"ת „והשיב לב אבות על בנים — על ידי בנים" (מלאכי ג, כד ובפרש"י).

*) ולהעיר ממ"ש שם שאדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע הי׳ נותן דמי חנוכה בליל נר הרביעי או **החמישי** — זמן **כנס זה**. וראה לקו"ש חט"ו ע' 545.

געלט" — זיי זאָלן אייך אַרויסהעלפן דורכפירן (און זיי וועלן דאָס טאָן מער וויפל איר וועט באַ זיי בעטן) צו מאַכן פון אייער הויז (און ספּעציעל אַנהויבנ־דיק פון אייער חדר אין הויז) אַ „בית" אויף וועלכן דער אויבערשטער זאָגט[25] „ושכנתי בתוכם"[26], אַז ג־טלעכקייט און אידישקייט רוט דאָרט.

דורך[27] דעם וואָס דאָס ווערט אַ „בית תפלה", „בית תורה" און אַ „בית גמילות חסדים"[28]: אַ הויז וואו מ'בעט אויף יעדער זאַך באַם אויבערשטן (תפלה), אַ הויז וואו מ'הערט דאָרט און מ'חזר'ט און לערנט דאָרט ענינים פון תורה, און אַ הויז פון וועלכער עס גייט אַרויס צדקה וגמ"ח פאַר די וואָס נויטיקן זיך אין דעם, מענטשן אָדער מוסדות (ווי בתי חינוך, אַ חדר, תלמוד תורה, ישיבה וכיו"ב).

און אע"פ אַז אין הויז זיינען שוין דאָ די אַלע ענינים — איז דאָך צו גוט קיין שיעור ניטאָ, און ווי די נרות חנוכה לערנען אַז מ'דאַרף האַלטן אין איין וואַקסן אין „נר מצוה ותורה אור" — קען מען אין דעם אַלעמאָל צוגעבן, עס זאָל ווערן ליכטיקער און ליכטיקער.

און בשעת די עלטערן וועלן זען אַז די קינדער בעטן די „חנוכה געלט", און בעטן דאָס מיט אַן אמת — וועלן זיי עס זיכער מקיים זיין, און מאַכן פון זייער הויז (אָדער פאַרשטאַרקן) אַ בית תפלה, תורה וגמ"ח.

ובמיוחד — בשעת זיי (די עלטערן) וועלן זען אַז איר באַווייזט אַ לעבעדיקן ביישפּיל, דורך דעם וואָס איר הויבט אָן אויפשטעלן אַזאַ „בית תפלה, תורה וגמ"ח" פון אייער אייגענעם חדר, אַ חדר וואו דער אויבערשטער רוט דאָרט בגלוי — דורך דעם וואָס גלייך ווי איר שטייט אויף פון שלאָף[29] זאָגט איר דאָרט „מודה אני", און דערנאָך ברכות השחר, אין וועלכע איר דאַנקט אָפּ דעם אויבערשטן פאַר אַלע זיינע חסדים (תפלה), און איר האָט דאָרט אַ צדקה־פּושקע (גמ"ח), און אויך אַ חומש, אַ סידור וכיו"ב וואָס געהערט צו אייך (תורה)[30].

וואָס דאָס וועט זיכער צוהעלפן אַז די עלטערן זאָלן מקיים זיין אייער בקשה צו מאַכן פון דער גאַנצער שטוב אַ בית תפלה, תורה וגמ"ח, אָדער מוסיף ומרחיב זיין אין דעם — אַז אין צוגאָב צו די תפלה, תורה וגמ"ח וואָס איז שוין דאָ אין דעם בית, זאָל אין דעם צוקומען מער און מער.

ביז וואָנעט — אַז דער בית און די עלטערן אין דעם בית וועלן איינווירקן אויף זייערע קרובים און באַקאַנטע און אויף אַלע הייזער אַרום זיי, אַז זיי זאָלן אויך ווערן (אָדער ווערן גרעסערע און ליכטיקערע) בתי תפלה, תורה וגמ"ח.

ווי חנוכה לערנט — אַז מ'צינדט אָן „נר מצוה ותורה אור" „על פתח ביתו מבחוץ": לכל לראש דאַרף מען עס אָנ־

25) תרומה כה, ח.

26) בתוכו לא נאמר אלא בתוכם — בתוך כאו"א מישראל — ראה ראשית חכמה שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו (ד"ה ושני הפסוקים). אלשיך תרומה עה"פ. של"ה סט, א. כא, א. שכה, ב. שכו, ב. ועוד.

27) ראה לעיל ע' 44 ואילך ובהנסמן שם. ועוד.

28) ג' העמודים שעליהם „העולם עומד" ו„העולם קיים" (אבות פ"א מ"ב. שם מי"ח) — גם „עולם קטן" זה האדם (תנחומא פקודי ג. ועוד). וראה משנה סנה' לז, א שכאו"א מישראל הוא „עולם מלא".

29) ראה שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק סי' א ס"ה. מהדו"ת סי' א ס"ז. סידור אדה"ז לפני מודה אני.

30) ראה גם לקו"ש חי"ד ע' 279 ואילך. ועוד.

צינדן „(על פתח) ביתו״, אזוי אז עס זאל זיין ניכר אז דאס איז „ביתו״, אן אמת׳ע אידישע הויז, אויף וועלכער דער אויבערשטער זאגט „ושכנתי בתוכם״; און צוזאמען דערמיט האט די הויז אויך א „פתח ביתו״, מען מאכט ליכטיק אויך „מבחוץ״, אין די אלע הייזער ארום, אנ־הויבנדיק פון די נאענטע, און דערנאך אויך די הייזער וואס זיינען ווייטער (א ביסל אדער א סך ווייטער).

ביז מ׳וועט דורכפירן די אויבנדער־מאנטע „מישאן״ — אז אין דער גאנ־צער וועלט וועט מען אנערקענען בגלוי ווי „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ״.

און דאס ברענגט אז „ישמח ה׳ במעשיו״, ובפרט דורך דעם וואס איר האט „צוגעטראגן״ בזה דורך ערפילן די נייע „מישאן״ צו צוגעבן נאכמער שמחה בא דעם אויבערשטן,

וואס דעמולט גיט דער אויבער־שטער, זעלבסטפארשטענדלעך, מערער „חנוכה מתנות״, ברכות און הצלחות, אז איר זאלט נאכמער מצליח זיין אין „נר מצוה ותורה אור״, לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און פארשאפן נאכ־מער נחת אייערע עלטערן, דער גאנצע משפחה און כלל ישראל.

ו. וואס דאס אלץ צוזאמען וועט נאכמער צואיילן די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו.

און מ׳וועט זען ווי אהרן הכהן[31] צינדט אן די מנורה אין דעם גרעסטן „בית״ — דעם אויבערשטנס „בית המקדש״[32], און ממנו יוצאה אורה לכל העולם[33].

און דורך דעם וואס איר וועט צו־געבן אין דאס אלץ אויבנדערמאנטע — וועט דאס נאכמער צוגעבן אין די „חנוכה מתנות״ וואס דער אויבער־שטער גיט יעדער אידן און אלע אידן, אנהויבנדיק פון בני ובנות ישראל.

ביז די מתנה הכי עיקרית — די גאולה האמיתית והשלימות ע״י משיח צדקנו, וואס ער איז איינער פון די שמונה נסיכי אדם[34], במהרה בימינו ממש.

* * *

ז. ווי געדערט כמה פעמים, האט מען אן אנווייזונג אויך פון דעם „ארדער און די דעי״ — פון די חלקים אין תורה וועלכע מ׳לערנט אין דעם באטרע־פענדן טאג, א תורה וואס ווערט אנגע־רופן „תורת חיים״, אן אנווייזונג[35] אין לעבן, אין טאג טעגלעכן לעבן, פון יע־דער אידן[36],

צום אלעם ערשטן אין דעם איי־גענעם לעבן, און דערנאך משפיע זיין אויך אויף אנדערע אז זיי זאלן זיך אויך אזוי אויפפירן.

---

31) דהרי כשיבנה ביהמ״ק משה ואהרן יהא עמנו (תוד״ה אחד — פסחים קיד, ב. וראה יומא ה, ב).

32) מקדש אד׳ כוננו ידיך (בשלח טו, יז ובפרש״י. זח״ג רכא, א. ועוד).

33) ראה מנחות פו, ב. ויק״ר פל״א, ז. ירושלמי ברכות פ״ד ה״ה.

34) מיכה ה, ד. סוכה נב, ב.

35) ראה זח״ג נג, ב: אמאי אקרי תורה בגין דאורי וגלי במאי דהוה סתים כו׳, חיים דכל חיים דלעילא בה אתכלילו ומנה נפקין כו׳.

36) וכתורת אדה״ז: מען בעדארף לעבן מיט דער צייט . . מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואך („היום יום״ ב׳ חשון. ספר השיחות תש״ב ע׳ 29 ואילך. ועוד).

ח. צווישן די חלקים אין תורה פון היינטיקן טאָג — ווען מען אָנהויבן מיט דעם שיעור חומש בפרשת השבוע פון דעם פינפטן טאָג בשבוע (המשכו של ה' חנוכה, בהתאם לזה וואָס מ'האָט ערשט געצונדן די פינפטע ליכטל) — פון חמישי ביז ששי[37] בפ' מקץ.

דאָרט ווערט דערציילט, אַז בשעת די בני יעקב האָבן דערהערט אַז דער „שליט על הארץ"[38] (יוסף) באַשולדיקט זיי אַלס מרגלים[39] און ווייל זיי באַשטראָפן — האָבן זיי צווישן זיך גערעדט „ויאמרו איש אל אחיו אבל אשמים אנחנו על אחינו אשר ראינו צרת נפשו בהתחננו אלינו ולא שמענו על כן באה אלינו הצרה הזאת"[40].

דאָס הייסט: אע"פ וואָס זיי האָבן געהערט קלאָר פון דעם שליט (יוסף), רעכענענדיק אַז ער איז אַ מצרי (ניט וויסנדיק אַז ער איז יוסף), אַז ער וויל זיי באַשטראָפן ווייל זיי זיינען ניט געווען ערלעך איצט אין מצרים — האָבן זיי אָבער גלייך געטראַכט אַז די סיבה לזה איז אַ חטא להשם, און וועלכן זיי זיינען באַגאַנגען העכער צוואַנציק יאָר לפני זה[41], אע"פ וואָס בינתיים האָבן פּאַסירט גאָר אַ סך ענינים!

און דער טעם לזה איז בפשטות: די שבטים האָבן געוואוסט אַז דער אויבערשטער פירט אָן מיט דער וועלט, און ס'איז ניטאָ קיין צופעליקע זאַך אין דער וועלט ח"ו, „והנה ה' נצב עליו כו' ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי", ער קוקט זיך צו צו יעדערן פון זיי און ווייסט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט במשך זייער גאַנצן לעבן: דעריבער האָבן זיי פאַרשטאַנען, וויבאַלד אַז „באה אלינו הצרה הזאת", מוז דאָך זיין אַ זאַך אויף וועלכער זיי דאַרפן תשובה טאָן וואָס צוליב דעם איז געקומען די צרה. האָבן זיי געזוכט און ניט געקענט געפינען אַ חסרון אין זייערע מעשים במשך די אַלע יאָרן[42], ביז דעם ענין פון מכירת יוסף העכער צוואַנציק יאָר פריער, און דעמולט האָבן זיי דערפילט אַז זיי דאַרפן דערויף תשובה טאָן, און האָבן תשובה געטאָן[43].

און דאָס האָט געמאַכט אַן ענדערונג — אַז אַנשטאָט דעם וואָס פריער האָט יוסף געהייסן „אחיכם אחד יאסר"[44], איז געוואָרן „ויאסור אותו (נאָר) לעיניהם", „וכיון שיצאו הוציאו והאכילו והשקהו"[45],

---

37) שהוא המשך להשיעור דנר ה (יום רביעי בשבוע) — כי „הצרה הזאת" (הפחדת יוסף לאחיו) התחיל בעיקר בהשיעור דנר ה, שאמר שם יוסף לאחיו „מרגלים אתם גו' ואתם האסרו גו' ויאסף אותם אל משמר גו'" (מב, יד ואילך). ומשום זה אמרו האחים (בהשיעור דיום חמישי בשבוע) „אשמים אנחנו וגו'", כדלקמן בפנים.

38) פרשתנו מב, ו.

39) שם, ט ואילך.

40) שם, כא.

41) כי מזמן מכירת יוסף (בן שבע עשרה שנה (וישב לז, ב. ב"ר פצ"א, ח)) עד עמדו לפני פרעה (בן שלשים שנה (פרשתנו מא, מו)) עברו שלש עשרה שנה, ואחי יוסף הגיעו למצרים לאחרי שבע שני השובע, בשנה הראשונה או שני' של שני הרעב, ואח"כ בא יעקב למצרים, כ"ב שנה לאחרי מכירת יוסף (פרש"י וישב לז, לד), כדברי יוסף „כי זה שנתים הרעב בקרב הארץ גו'" (ויגש מה, ו).

42) ראה במדב"ר פי"ג, יח: שהיו מפשפשים בעצמם למה אירע להם תפיסת מצרים ולא מצאו אלא זה בלבד כו'.

ולהעיר מגודל ההפלאה בענין זה, שאדם מפשפש במעשיו שנעשו במשך יותר מעשרים שנה ואינו מוצא מאומה מלבד ענין אחד שנעשה לפני יותר מעשרים שנה.

43) ראה פרש"י עה"פ (פרשתנו שם, כד) „ויסוב מעליהם ויבך": לפי ששמע שהיו מתחרטין. ובפירוש הרד"ק שם: כי שמע שהתוודו עליו.

44) פרשתנו שם, יט.

45) שם, כד ובפרש"י.

און בנוגע צו די אַנדערע ברידער — איז ניט נאָר „לכו הביאו שבר רעבון בתיכם" (ווי יוסף האָט געזאָגט פריער), נאָר נאָכמער — „להשיב[46] כספיהם", „ולתת[46] להם צידה לדרך"[47] (אַ הנהגה וואָס איז אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנדיק, מערניט דערפאַר וואָס זיי האָבן תשובה געטאָן בינתיים, כנ"ל).

און דערנאָך האָט עס סוף סוף געבראַכט דערצו אַז יעקב ובני ביתו זיינען אַלע געקומען גאַנצערהייט אין מצרים, וואו ס'איז ניט געווען קיין רעב, און דאָרט גופא — „במיטב הארץ"[48].

ט. פון די הנהגה פון יעקב'ס זין (בני יעקב) האָט מען אַן אָפּלערנונג און אַנווייזונג פאַר יעדן אידן (וואָס יעדער איד איז אַ קינד פון יעקב אבינו[49]):

יעדער זאַך וואָס טרעפט מיט אַ מענטשן בכלל און מיט אַ אידן במיוחד [וואָס „ועמך כולם צדיקים"[50]] איז ניט צופעליק ח"ו[51], נאָר בהשגחה פרטית[52], און מיט אַ כוונה לטובה[53].

אפילו בשעת מיט אַ אידן טרעפט זיך אַ ניט־גוטוואונטשענע זאַך, דאַרף ער זיך צוקוקן און זוכן, און ווייטער זוכן, אפשר איז דאָס דערפאַר וואָס דער אויבערשטער האָט אים געפונען אַ זאַך אויף וועלכע ער דאַרף תשובה טאָן[54], אָדער געדאַרפט טאָן בעסער; און עס קען אפילו זיין אַ זאַך וואָס האָט פּאַסירט העכער צוואַנציק יאָר צוריק.

אפילו ווען די ניט־גוטוואונטשענע זאַך איז גאָר פאַרבונדן מיט אַ צופעליקע זאַך לכאורה — דאַרף ער וויסן אַז ס'איז ניטאָ קיין צופעליקייט אין דער וועלט, נאָר אַלץ איז תלוי אין דעם אויבערשטן, און דער אויבערשטער האָט אים געבראַכט צו אַזאַ מצב, בכדי אים מעורר זיין אַז ער זאָל תשובה טאָן און פאַרריכטן די זאַך וואָס האָט געפעלט, און מכאן ולהבא טאָן אין דעם אַלץ בעסער און בעסער.

און דערצו האָט מען די אָפּלערנונג, אַז בשעת ער וועט מאַכן אַ חשבון צדק און זיך ניט שרעקן אָנערקענען אַז ער האָט געטאָן אַ ניט־גוטוואונטשענע זאַך, אפילו ווען דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק, און ער וועט אויף דעם תשובה טאָן, און מחליט זיין אַז מכאן ולהבא וועט ער טאָן אַלץ בעסער און בעסער — וועט די תשובה אַלץ פאַרריכטן און אַלץ איבערשטעלן, ביז אַז ס'וועט זיין „והוי' יגי' חשכי"[55], ניט בלויז אָפּווישן נאָר באַלייכטן די ניט־גוטוואונטשענע זאַך, ביז אתהפכא[56] חשוכא לנהורא[57], און ס'ווערט אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער (מוסיף והולך ווי די נרות חנוכה).

---

46) שם, כה.

47) וי"ל שגם „וימלאו את כליהם בר" הוא הוספה על „הביאו שבר רעבון בתיכם" שאמר לפנ"ז.

48) ויגש מז, ו. שם, יא.

49) ראה ברכות טז, ב. ב"מ רפ"ז. וראה אגה"ק ס"ז (קיב, א): נשמת ישראל סבא הכלולה מכל הנשמות כו'.

50) ישעי' ס, כא (מה„י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל"). וראה סנהדרין ר"פ חלק.

51) ראה רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ג.

52) ראה כתר שם טוב (הוצאת קה"ת) הוספות סקי"ט ואילך.

53) כמאחז"ל כל דעביד רחמנא לטב עביד (ברכות ס, ב. נת' בלקו"ש ח"ב ע' 393 ואילך).

54) ראה רמב"ם שם פ"א ה"ב. רפ"ה.

55) שמואל ב כב, כט.

56) ע"ד מעלת תשובה מאהבה שפועל למפרע ומהפך זדונות לזכיות לגבי תשובה מיראה שפועל מכאן ולהבא ומהפכם לשגגות (יומא פו, א־ב).

57) ראה שערי אורה ד"ה כי אתה ה' נרי ספי"ט. אוה"ת חנוכה שכה, ב ואילך.

יוד. דערביי דאַרף מען זיך אָבער איינקערן מיטן „קלוגינקן", דער יצר הרע, וואָס וויל שטערן אַ אידן פון טאָן תשובה און פאַרבעסערן זיינע וועגן, און ח"ו אים אויך אַראָפּפירן ער זאָל טאָן ניט־געוואונטשענע זאַכן.

וואָס דאָס איז די ערשטע „מישאָן" פון „צבאות השם" במשך כל השנה כולה — ניט צולאָזן דעם יצר צו אייך אָפּנאַרן ח"ו, אָדער פּרואוון אַראָפּפירן, און מאַכן שוואַכער אייער לערנען תורה און מקיים זיין מצוות.

און אויף דעם האָט מען אַ לימוד מיוחד ונתינת כח מיוחדת פון דעם שיעור תהלים פון יום ה' דחנוכה[58], וועלכער הויבט זיך אָן מיט דער בקשה „חלצני ה' מאדם רע"[59]. מ'בעט בא דעם אויבערשטן ער זאָל באַפרייען פון אַן „אדם רע" (ועאכו"כ) פון דעם יצר הרע — דער אָנפירער פון „אדם רע".

דאָס הייסט, אַז אין צוגאָב צו דעם כללות'דיקן נתינת כח פון ימי חנוכה אויף דעם ענין פון „מסרת כו' רשעים ביד צדיקים" (ווי מ'זאָגט אין „ועל הנסים"), לערנט דער שיעור תהלים יעדערן פון אייך, אַז ער האָט זיך ניט וואָס צו שרעקן פאַרן יצר הרע („אדם רע"), וואָרום ער האָט אַן אויסוועג ווי אינגאַנצן באַפרייט ווערן פון אים, דורך דעם וואָס ער בעט דעם אויבערשטן „חלצני ה' מאדם רע". וואָס דאָס וועט ברענגען אַז דער „אדם רע" זאָל זיך פאַר אים דערשרעקן און פון אים אַנטלויפן, און אויפהערן פּרואוון אים פאַרטומלען וכו'.

ואדרבה: עס וועט זיין ווי עס שטייט אין סיום המזמור — „אך צדיקים יודו לשמך ישבו ישרים את פניך"[60] (ווי מ'האָט אויך ערשט געזאָגט בסיום תפלת מנחה): מ'דערקענט אין אייך, אַז איר זייט מיטגלידער פון „ועמך כולם צדיקים", במילא איז ביי אייך „יודו לשמך", איר האַלט אין איין לויבן דעם אויבערשטן. במילא לאָזט דאָס שוין ניט צו אַז מ'זאָל טאָן קיין ניט־געוואונטשענע זאַכן.

ביז ווי עס שטייט בסיום פון דעם שיעור תהלים[61] — אַז דער אידישער פאָלק און אַ אידישע הויז (בית) איז געבענטשט מיט „בנינו[61] כנטיעים מגודלים בנעוריהם[62] בנותינו כזויות מחוטבות גו'"[63], סיי די אינגעלעך און סיי די מיידעלעך אין דער הויז פירן זיך אויף ווי ס'פּאַסט פאַר אידישע קינדער, ווי דוד המלך ווייזט אָן אין ספר תהלים בכלל, און אין דעם מזמור במיוחד.

און בשעת „בנינו" און „בנותינו" פירן זיך אויף אַזוי, זאָגט מען (כסיום המזמור[64]) — „אשרי העם שככה לו", גליקלעך איז דער פאָלק וואָס האָט אַזוינע קינדער (בנים ובנות) וואָס פירן זיך אויף „כנטיעים מגודלים בנעוריהם" און „כזויות מחוטבות" (ביז אַז דערפאַר איז „ישמח ה' במעשיו"), און (דאָס ווערט דורך דעם און צוליב דעם וואָס) „אשרי העם שה' אלקיו", גליקלעך (און פריילעך) איז דער פאָלק וואָס דער אויבערשטער (הוי') איז „אלקיו", ע"ד

---

58) קאַפּ' קמ־קמד.

59) קמ, ב.

60) פסוק יד.

61) קמד, יב.

62) שאין בהם שום מום כל כך הם מנוקים מעבירה — פרש"י ומצו"ד שם.

63) בנותינו לא נמצא בהן דבר מעוקם ושום נדנוד עבירה — מצו"ד שם. וראה פרש"י שם.

64) פסוק טו.

„ישמח ישראל בעושיו"[65] (און „ישמח ה' במעשיו"[66]).

יא. אין צוגאב צו די אויבנדערמאנטע לימודים פון דעם שיעור חומש און שיעור תהלים — האט מען אויך א לימוד פאר „צבאות השם" פון דעם שיעור (דנר ה' דחנוכה) אין ספר המצוות להרמב"ם [ווי אידישע קינדער לערנען יעדן טאג א שיעור אין ספר המצוות להרמב"ם[67] — יעדער טאג זיין „ארדער און די דעי", די מצוה פון דעם טאג].

היינטיקער „ארדער און די דעי" בספר המצוות להרמב"ם[68] איז — דער לא תעשה[69] „הזהיר שלא למשכן אלמנה בין עני' בין עשירה שנאמר[70] לא תחבול בגד אלמנה".

וואס דערפון האט מען א לימוד אין „ואהבת לרעך כמוך", וויפל מ'דארף זיין אפגעהיט פון פארטשעפן און אנרירן א צווייטן מענטשן, א) אפילו אין א פאל ווען עס ווייזט זיך אויס אז ס'וועט יענעם ניט שאטן, און ב) אפילו ווען עס קען זיך שאטן, און ג) אפילו ווען מ'האט דערביי ניט קיין כוונה צו יענעם טשעפען:

אין דער מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך" זיינען דערביי ניט אויסגעטייטשט פרטים ווי דארף זיין אין די אויבנדערמאנטע פאלן; אבער אין דער מצוה הנ"ל אין דעם שיעור רמב"ם, האט מען ארויס א קלארע הוראה אין די פאלן:

בשעת ס'איז דא אן אלמנה (ניט פאר קיין משפחה געדאכט), און זי איז אן עשירה, א רייכע פרוי, איר פעלט ניט קיין זאך (לכאורה) — טאר מען איר ניט טאן א זאך (נעמען א משכון) וואס וועט איר אפשר וויי־טאן און דערמאנען אז ביי איר איז דא א זאך וואס איז שלא כדבעי, אע"פ וואס א) זי איז אן עשירה, און ב) דער מלוה מיינט איר אינגאנצן ניט טשעפען, ער וויל בלויז נעמען א משכון בכדי צו באווארענען א זאך וואס ער האט איר געבארגט, און ג) דער ניט נעמען קען שאטן דעם מלוה — פונדעסטוועגן, וויבאלד אז ס'איז דא א ספק וספק ספיקא אז דאס קען וויי־טאן די אלמנה, טאר ער ניט נעמען קיין משכון, און ער דארף איינשטעלן אין סכנה די הלואה (זיין אייגענע געלט), ועד כדי כך איז דאס נוגע, אז דער אויבערשטער האט עס געמאכט פאר א מצות לא תעשה מן התורה „לא תחבול בגד אלמנה"!

יב. און דורך דעם וואס א איד איז אפגעהיט בתכלית אויף ניט אנרירן א צווייטן מענטשן (אפילו אויף א ספק) — פירט זיך דער אויבערשטער מיט אים (און באצאלט אים דערפאר) „מדה כנגד מדה"[71], און א סך מער דערפון — און ער פארהיט אים „מאדם רע", און פארהיט אים, יעדערער פון אייך און יעדערער פון אונז בתוך כלל ישראל, אז קיין זאך זאל אונז ניט קענען אנרירן, ועאכו"כ ניט דער יצר הרע, ווארום

65) אשרי העם שהוי' אלקיו.

66) דרצונו להיטיב ובפרט לעמו.

67) ראה בארוכה שיחות אחש"פ והתוועדויות שלאח"ז – תשד"מ (לקו"ש חכ"ז ע' 229 ואילך).

68) ובספר היד הוא בהל' מלוה ולוה רפ"ג — השיעור דיום א' דחנוכה (הכולל כל הימים שלאחריו — שערי אורה ד"ה בכ"ה בכסלו פמ"ב. ועוד).

69) רמא (וגם רמב).

70) תצא כד, יז.

71) ראה סוטה ח, ב. ט, ב. מדרש לקח טוב שמות ג, ו. ועוד.

מ'ווערט פון אים אינגאַנצן באַפרייט, און מ'טרייבט אים אינגאַנצן אַוועק.

ואדרבה: מ'האַלט אין איין גרעסער מאַכן דעם נצחון פון „רשעים ביד צדיקים", ובאופן דמוסיף והולך, ווי מ'לערנט אָפּ פון דעם וואָס די חנוכה ליכטלעך דערציילן[72], כנ"ל.

און דאָס גיט אויך צו נאָכמער כח אויף ווירקן אַז די גאַנצע הויז זאָל זיין אַ „בית תפלה", „בית תורה" און „בית גמילות חסדים" (כמדובר לעיל ס"ה).

ביז אַז מ'איילט נאָכמער צו דעם „שיבנה בית המקדש במהרה בימינו"[73] ממש.

* * *

יג. לויט דעם סדר הרגיל, וועט מען איצטער זיך צוזאַמענרעדן אין דעם אופן ווי צו פאַרענדיקן דעם כנס:

מ'פירט זיך ביי אַלע כינוסים

— ועאכו"כ אין אַ כנס בימי חנוכה, ווען מ'איז „מוסיף והולך" אין טוב וקדושה, און אין חנוכה גופא — די פינפטע ליכטל, וואָס איז אַ יום טוב מיוחד באַ חב"ד כידוע[74], און דערצו אויך ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב —

אַז אין צוגאָב צו דעם ענין פון תפלה, וואָס מ'האָט פריער אַלע צוזאַמען גע־דאַוונט מנחה, און תורה — אמירת י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל — פאַרענדיקט מען אויך מיט דעם ענין פון צדקה.

דעריבער וועט מען געבן יעדערן פון אייך מטבעות אויף צדקה, און וויבאַלד אַז ס'איז חנוכה — וועט מען צוגעבן אַ הוספה בזה: געבן יעדערן פון אייך דריי מטבעות, איינע אויף צדקה בכלל, אַ צווייטע אויף צדקה הקשורה עם חנוכה, און אַ דריטע — אַז יעדערער זאָל דער־מיט טאָן וואָס ער (זי) וויל, כטוב בעיניו.

און אין זכות פון די קינדער פון „צבאות השם" — וועט מען אויך געבן דריי מטבעות פון „חנוכה געלט" צו די ערוואַקסענע וואָס געפינען זיך דאָ.

יד. בכדי אונטערשטרייכן אַז יעדער זאַך וואָס אַ איד טוט איז דינען דעם אויבערשטן — דאַרף געטאָן ווערן אין אַן אופן פון „ישמח ישראל בעושיו", עאכו"כ בעניין פון „מוסיף והולך" אין אַ כנס בימי חנוכה — וועט מען (כרגיל) אויך זינגען ניגוני שמחה:

צום אַלעם ערשטן — דעם ניגון פאַר־בונדן מיטן שיעור תהלים פון נר ה' דחנוכה — „אך צדיקים יודו לשמך ישבו ישרים את פניך".

דערנאָך — זיכער אויך דעם ניגון „שיבנה בית המקדש במהרה בימינו".

און זיכער אויך דעם ניגון אין וועלכן מ'דערציילט און פראָקלאַמירט און מודיע לכולם — אַז „ניעט ניעט ניקאַוואָ", ס'איז ניטאָ קיין זאַך חוץ פון דעם אויבערשטן, „אין עוד מלבדו"[75].

---

72) כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר: מען דאַרף זיך צוהערן וואָס די ליכטלאַך — נרות חנוכה — דערציילן (שיחת ליל ש"ק וישב, כ"ו כסלו, שבת חנוכה תש"ו — נדפסה בהוספה לקונט' ברוך שעשה נסים (קה"ת, תשי"א)).

73) סוף תפלת העמידה. אבות פ"ה מ"כ.

74) ראה ס' השיחות תורת שלום ע' 84: כמה מן החסידים אומרים שבו ביום (נר ה' דחנוכה) הי' חופשת כ"ק רבינו הגדול פעם השני, ויש אומרים אשר זה הי' שייך לחסידי ווילנא אשר גם אותם החזיקו בתפיסה. — ב„היום יום" כז כסלו וברשימת כ"ק מו"ח אדמו"ר (ס' התולדות אדה"ז ע' רלג (בהוצאת תשמ"ז — ח"ג ע' 746)) שאדה"ז יצא לחרות ממאסרו השני בנר ג' דחנוכה. וי"ל דבשניהם היו עניני גאולה (גם כפשוטם).

75) ואתחנן ד, לה.

און אין צוגאב צו די געוויינלעכע שמחה אין זינגען ניגוני שמחה — דארף אין דעם איצטער זיין א תוספת שמחה, צוליב כמה טעמים: א) מ'געפינט זיך מיט א סך אידן צוזאמען, וואס דאס אליין איז א שמחה[76]. ב) בימי חנוכה, וואס זיינען „ימי שמחה" כפס"ד הרמב"ם[77]. ג) ובפרט אין די פינפטע ליכטל, וואס איז א יום טוב ויום שמחה אין ליובאוויטש (כנ"ל).

טו. ולפני כל זה — וועט מען אלע צוזאמען דאווענען נאך א תפלה, תפלת ערבית.

וואס זי איז פארבונדן מיט חנוכה במיוחד — ווארום דער זמן פון הדלקת נר חנוכה איז „משתשקע החמה"[78], זמן ערבית[79].

און די כוונה פון דעם „תשקע החמה" איז ניט אז עס זאל אזוי בלייבן ח"ו, נאר אז ס'זאל גלייך אנהויבן לייכטן בא יעדער אידן און ביי אלע אידן מיט דעם אור פון „שמש[80] ומגן ה' אלקים"[81], און מיט נאך א גרעסערע ליכטיקייט ווי ס'איז געווען לפני „שתשקע החמה" — ווארום עס ווערט „והוי' יגי' חשכי", וואס איז אויך מרמז אויף תפלת ערבית, וואס זמנה איז „חשכי", ווען „תשקע החמה", ויפגע — תיקן תפלת ערבית, כי בא השמש[82].

און דורך דעם וואס נאך אין די צייט פון חושך הגלות („חשכי")[83] טוען אידן אלץ מער און מער אז אידישקייט און ג-טלעכקייט זאל לייכטן — וועט דאס נאכמער צואיילן — ובפרט דורך קיום מצות צדקה, וואס „מקרבת את הגאולה"[84] — דעם „וה' יגי' חשכי", אין דער אייביקער ליכטיקייט, „והי' לך ה' לאור עולם"[85], אין די גאולה שאין אחרי' גלות[86], גאולה האמיתית והנצחית, ע"י משיח צדקנו.

* * *

טז. [אח"כ ניגשו שני ילדים שיחיו אל כ"ק אדמו"ר שליט"א עם פדיונות מכל הילדים שיחיו. ואח"כ ניגשו שני ילדות עם פדיונות מכל הילדות תחיינה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א קיבל הפדיונות, ואח"כ אמר:]

די פדיונות וועלן (כרגיל) געבראכט ווערן אויפן „ציון" פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

ויה"ר אז בקרוב ממש זאל בא יעדערער פון אייך בתוככי כלל ישראל מקויים ווערן דעם יעוד „יראה אל אלקים בציון"[87], נשמות בגופים, און

---

76) ראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט ס"א.

77) הל' חנוכה פ"ג ה"ג. וראה לקו"ש ח"י ע' 142 ואילך. שיחת מוצש"ק ליל זאת חנוכה תשמ"ז.

78) שבת כא, ב.

79) ראה שו"ע או"ח סתרע"ב ס"א: אין מדליקין נר חנוכה קודם שתשקע החמה אלא עם סוף שקיעתה. ובמג"א שם: היינו צאת הכוכבים. — פרטי הדיעות בזה — ראה אנציקלופדי' תלמודית (כרך טז) ערך חנכה ס"ע שה ואילך. ובס' המנהגים חב"ד (ע' 70): מדליקים בין מנחה למעריב.

80) תהלים פד, יב.

81) השמות שבתחלת ק"ש (גם דערבין).

82) רש"י ויצא כח, יא. מחולין צא, ב.

83) ראה תו"א (מא, א) ושערי אורה (שבהערה 57) ד„והי' יגי' חשכי" קאי על החושך דדורות האחרונים דעקבתא דמשיחא.

84) ב"ב י"ד, א. תניא פל"ז (מח, ב ואילך).

85) ישעי' ס, יט.

86) ראה מכילתא בשלח טו, א. הובא בתוד"ה ה"ג ונאמר — פסחים קטז, ב. ובפע"ח סוף שער החנוכה: לעתיד לבוא . . יהי' גאולה נצחיית וקיימת.

87) תהלים פד, ח.

„הראנו ה' חסדיך"[88], דער אויבער־שטער וועט באווייזן יעדערן פון אונז, בתוך כלל ישראל, זיין חסד,

„וישעך תתן לנו"[88], ער וועט געבן יעדערן פון אונז, בתוך כלל ישראל, און כלל ישראל — זיין ישועה,

ביז „לשכון כבוד בארצנו"[89], בגאולה האמיתית והשלימה, במהרה בימינו ממש,

ומשיח צדקנו בראשנו. אמן!

[לאחרי תפלת ערבית ניגנו: „אך צדיקים גו'". (הש"צ שי' ניגן „יהי רצון כו') שיבנה בית המקדש במהרה בימינו". „ניעט ניעט ניקאָוואַ".

אח"כ נתן כ"ק אדמו"ר שליט"א מטבעות למדריכים ולמדריכות, ולה„טאַנקיסטן" — שיחיו — כדי לחלק בין כל הנאספים שיחיו.

טרם צאתו התחיל לנגן „ניעט ניעט ניקאָוואַ"].

88) שם פה, ח.

89) שם, יוד. ובראב"ע עה"פ: זה המזמור לעד כי הכבוד לא הי' בבית שני.



## שיחת נר ו' דחנוכה ה'תשמ"ז
## — לאחרי תפלת ערבית והדלקת נר חנוכה —

**א. חנוכה — קשור עם חנוכת בית המקדש[1], וכפי שאומרים בנוסח ד"ועל הנסים": "באו בניך לדביר ביתך ופנו את היכלך וטהרו את מקדשך", היינו, התחלה חדשה לאחרי ההפסק כו'.**

**והנה, כל הענינים הקשורים עם בית המקדש שייכים (מעין זה) גם בזמן הזה — ב"מקדש מעט":**

**"מקדש מעט" — קאי על בית־הכנסת ובית־המדרש[2], עד לביתו הפרטי ובנפשו פנימה דכאו"א מישראל, כמ"ש[3], "ועשו לי מקדש ושכנתי** בתוכם**", בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד[4], היינו, שנפשו וביתו דכאו"א מישראל נעשים מקום להשראת השכינה, ע"י שחדורים בתורה עבודה (תפלה) וגמילות חסדים (ג' הענינים הכוללים כל עניני התומ"צ), ומהם אורה יוצאה לעולם[5] — שניכר בגלוי לעין כל שעליהם "העולם עומד"[6] (לא רק "עולם קטן זה האדם"[7], אלא גם "עולם" כפשוטו), היינו,** שהעולם כולו **נעשה מקום להשראת השכינה — דירה לו ית' בתחתונים[8].**

**ונמצא, שימי חנוכה — חנוכת בית המקדש — הם "ימי סגולה" שיש בהם נתינת־כח מיוחדת לחינוך (חנוכה) ד"מקדש מעט", החל מהמקדש הרוחני בנפשו דכאו"א מישראל, ביתו הפרטי, עד לביהכ"נ וביהמ"ד, בית תורה, תפלה וגמ"ח, בית חב"ד,**

**— "בית" (ענין של קביעות[9]) דוקא, כדיוק הלשון "לדביר** ביתך**", אשר, המקדש נקרא בכתוב בשם "**דביר**"[10], ואעפ"כ, מוסיפים ומדייקים "דביר** ביתך**", "בית" דוקא —**

**הן ע"י הקמת בתים חדשים (שאז עושים חנוכת הבית כפשוטה), והן ע"י הוספה והרחבה בבתים הקיימים כבר, עד להוספה והרחבה באופן** שבאין ערוך**, שלכן צריך חינוך (חנוכה) כבית חדש.**

**ולהעיר, שענין ההוספה שייך במיוחד לחנוכה — שהרי הדלקת נר חנוכה (ע"פ ההלכה כדעת ב"ה[11]) היא באופן ש"יום ראשון מדליק אחת, מכאן ואילך** מוסיף והולך**"[12], וזהו המנהג הפשוט[13].**

---

1) שבלי הלקט סקע"ד. וראה בהנסמן בלקו"ש ח"כ ע' 633 הערה ד"ה בחנוכת כו'.

2) יחזקאל יא, טז. מגילה כט, א.

3) תרומה כה, ח.

4) ר"ח שער האהבה פ"ו (קרוב לתחלתו). אלשיך עה"פ. של"ה חלק תושב"כ פ' תרומה (שכה, ב. שכו, ב). ועוד.

5) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. שהש"ר פ"ד, ד (ו).

6) אבות פ"א מ"ב.

7) תנחומא פקודי ג. זח"ג לג, ב. תקו"ז תס"ט (ק, ב. קא, א). וראה מו"נ ח"א פע"ב.

8) ראה תנחומא נשא טז. ועוד. תניא פל"ו. ובכ"מ.

9) ראה שיחת יום שמח"ת (לעיל ע' 32 ואילך) ועוד.

10) ולדוגמא: "דביר ביתך" (תהלים כח, ב). ועוד.

11) שבת כא, ב. ולהעיר ש"חנוכה" ר"ת ח' נרות והלכה כבית הלל (אבודרהם סדר הדלקת נר חנוכה — הובא בעט"ז לשו"ע או"ח סי' תע"ר).

12) להעיר, שבנר חמישי דחנוכה (שהמשכו בלילה זה, ו"בקדשים הלילה הולך אחר היום", כדלקמן בפנים) ישנה הדגשה מיוחדת בשיטת ב"ה ד"מוסיף והולך" — להיותו הלילה הראשון שמספר הנרות לשיטת ב"ה (ה' נרות) גדול יותר ממספר הנרות לשיטת ב"ש (ד' נרות). וראה בארוכה לקו"ש חכ"ה ע' 396 ואילך.

13) רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב.

**ב. ומכאן באים להמדובר אתמול, נר חמישי דחנוכה — שהמשכו בלילה זה, ולהעיר ש"בקדשים[14] הלילה הולך אחר היום"[15] — לילדי ישראל שלפני בר־מצוה ובת־מצוה, להוסיף ולהדגיש גם בנוגע** לגדולים, **לאחרי בר־מצוה ובת־מצוה, כדלקמן.**

**ובהקדמה — שהדברים הנאמרים לילדים הם דברי** תורה, **שניתנה כולה לכאו"א** מישראל, **כמ"ש[16] "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", היינו,** שהתורה כולה **ניתנה** בירושה **לכאו"א השייך ל"קהלת יעקב", "לקטן ולגדול"[17],**

**אלא, שכאשר מדברים לילדים, יש למצוא את** הסגנון **המתאים ושייך אליהם, סגנון השייך לדרך הלימוד ד"בן חמש שנים למקרא"[18], דרך הפשט, ואילו לגדולים, מדברים בסגנון המתאים ושייך אליהם, בשאר דרכי הלימוד, שכן, בלימוד התורה ישנו "סדר השתלשלות", מלמעלה מעלה עד אין קץ עד למטה מטה עד אין תכלית[19].**

**ג. תוכן הדברים שנאמרו אתמול לילדים — "פקודה חדשה" — שהילדים יבקשו מהוריהם שהבית כולו, כולל ובמיוחד החדר של הילדים, יהי' בית תורה תפלה וגמ"ח, בית חב"ד, עי"ז שיהי' בחדרם (לכל הפחות) חומש, סידור וקופת צדקה (שלהם).**

**ובמיוחד — בסגנון השייך לילדים — בקשר ובשייכות עם המנהג דנתינת "מעות חנוכה":**

**ידוע[20] "מנהג ישראל" לתת "מעות חנוכה" לילדים — מנהג שראו (גם) אצל רבותינו נשיאינו[21], ובמילא, מלבד התוקף ד"מנהג ישראל תורה היא"[22], הרי זה גם מנהג שיש בו "מהדרין", ו"מהדרין מן המהדרין"[23].**

**ולכן, הציעו לילדים שיבקשו מהוריהם בקשה זו (לעשות מהבית והחדר שלהם בית תורה תפלה וגמ"ח) — כ"**מעות חנוכה**" הפנימיים, ובודאי שההורים ירצו למלא את בקשתם של הילדים (ובפרט כשיבקשו בדברים היוצאים מן הלב[24]), כטבע הורים שחפצים למלא את רצונם של הילדים ככל האפשרי, ועאכו"כ — בעניני טוב וקדושה כו', כנ"ל בארוכה.**

**ובהמשך לזה, יש להוסיף ולהדגיש ענין זה (גם) בנוגע** לגדולים, **לאחרי בר־מצוה ובת־מצוה, ועאכו"כ אלו שלאחרי הנישואין, שיש להם "בתים" כפשוטם — שעליהם להשתדל לעשות מביתם (ומכל הבתים שמסביבם)** בית תורה תפלה וגמ"ח, **בית חב"ד.**

---

14) ובנדו"ד — "הנרות הללו קודש הם", ובפרט ע"פ הידוע שענין ה"שמן" מורה על פנימיות התורה, רזין דרזין דאורייתא (לקו"ת שה"ש ב, ד ואילך. כד, ד ואילך. ובארוכה — אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך).

15) חולין פג, סע"א. וש"נ.

16) ברכה לג, ד.

17) לשון הרמב"ם בהקדמתו לספר הי"ד — "משנה תורה".

18) אבות ספ"ה.

19) ראה בהנסמן בלקו"ש חי"ח ע' 187. חי"ט ע' 53. חכ"א ע' 36.

20) ראה לקוטי לוי"צ אגרות ע' שנח.

21) "היום יום" כ"ח כסלו, ד' דחנוכה.

22) ראה תוד"ה נפסל (מנחות כ, ב). וראה בהנסמן בלקו"ש חכ"ב ע' 56 הערה 2.

23) לשון הש"ס — שבת כא, ב. ולהעיר, שבימי חנוכה מודגש שההנהגה ד"מהדרין מן המהדרין" בזמן הש"ס — נעשית "מנהג פשוט" דכאו"א מישראל, כנ"ל בפנים.

24) שנכנסים אל הלב — ראה ס' הישר לר"ת שי"ג. הובא בשל"ה סט, א.

ויכולים גם הם לקשר זאת עם המנהג ד"מעות חנוכה"[25]: ילדים גדולים לאחרי בר־מצוה ובת־מצוה — יבקשו מהוריהם, ואלו שלאחרי הנישואין — יבקש האיש מהאשה, והאשה מהאיש, וכיו"ב בנוגע לזקנים וזקנות, לעזור זה לזה בכל הקשור לעשיית בית תורה תפלה וגמ"ח.

ובפרטיות יותר בנוגע לאיש ואשה — מכיון שהסדר ע"פ תורה הוא באופן ש"הוא ימשל בך"[26], ולאידך, האשה היא "עזר כנגדו"[27], אזי, האשה תבקש מבעלה שהענין ד"והוא ימשל בך" יהי' כדי לעשות מהבית (יותר) "מקדש מעט", וכמו כן יבקש הבעל מאשתו שה"עזר כנגדו" יתבטא בעזר וסיוע לעשות מהבית (יותר) "מקדש מעט", שהרי האשה היא "עקרת הבית".

ומובן, שהאמור לעיל שייך גם בנוגע לבתים שנעשו כבר בתי תורה תפלה וגמ"ח — שיש להוסיף בזה ביתר שאת וביתר עוז, כהוראת נר חנוכה ד"מוסיף והולך" (כנ"ל ס"א).

ד. ובנוגע לפועל:

*יש לנצל את ימי חנוכה הנותרים בשנה* זו לפרסם בכל מקום ומקום ע"ד ההשתדלות בהקמת בתי תורה תפלה וגמ"ח, בתי חב"ד, בכל מקום ומקום, כולל ובמיוחד — לעשות מביתו הפרטי דכאו"א מישראל בית תורה תפלה וגמ"ח.

וכל זה — מתוך רעש ("שטורעם") רעש הקדושה הכי גדול, עד שירעישו את העולם ("אויפשטורעמען די וועלט"), שמהם יראו וכן יעשו אפילו אלו שנמצאים לעת־עתה בהעלם והסתר דעולם[28].

מובן וגם פשוט שהפעולה בכל הנ"ל צריכה להיות בדרכי נועם ודרכי שלום[29], באופן ד"פדה בשלום"[30] דוקא, אבל, ביחד עם זה, ברעש ("שטורעם") הכי גדול, שכן, באופן כזה דוקא נעשה הדבר באופן של הפצה, "מוסיף והולך".

ועוד נקודה בזה — שהמתעסקים לעורר על הנ"ל, צריכים להראות דוגמא חי' ולהוסיף בעצמם ובביתם בכל ענינים אלו ביתר שאת וביתר עוז, כמה פעמים ככה, שכן, טבעו של תלמיד ומושפע שמסתפק בהנהגה שהיא מעין וחלק מהנהגת הרב והמשפיע, ובמילא, כדי לפעול במדה מסויימת, צריך הרב והמשפיע להוסיף בענין זה כמה פעמים ככה, כדי שילמדו ממנו מעין זה.

*

25) להעיר ממנהג כ"ק מו"ח אדמו"ר שנתן (ובעצמו) "מעות חנוכה" לבנותיו תי', וגם לאחרי נישואיהן (לקו"ש ח"כ ע' 451 הערה 36).

26) בראשית ג, טז.

27) שם ב, כ.

28) ראה לקו"ת שלח לז, ד. ואתחנן ב, ג. ובכ"מ.

29) להעיר מרמב"ם סיום וחותם הלכות חנוכה: "הי' לפניו נר ביתו ונר חנוכה . . נר ביתו קודם משום שלום ביתו . . גדול השלום שכל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם, שנאמר דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום".

30) לשון הכתוב — תהלים נה, יט. ולהעיר מהקשר דחנוכה לי"ט כסלו (גאולת אדמו"ר הזקן באופן ד"פדה בשלום נפשי") — כידוע ששלימות הגאולה די"ט כסלו, כשחזר אדה"ז מפטרבורג לוויטעבסק, היתה בג' דחנוכה (לקו"ד ח"א יב, א), ובפרט הגאולה ממאסרו השני — שהיתה בנר חמישי דחנוכה* (סה"ש תרש ע' 84).

*) ויש דעה שיצא לחירות בנר ג' דחנוכה ("היום יום" כ"ז כסלו), וי"ל, דבשניהם היו עניני גאולה (גם כפשוטם).

ה. כמו כן יש לעורר ולזרז עוד הפעם אודות הדלקת נר חנוכה במקומות ציבוריים:

„נר חנוכה מצוה להניחה על פתח ביתו מבחוץ"[31], „משום פירסומי ניסא"[32], ועאכו"כ כאשר (מלבד ההדלקה „על פתח ביתו מבחוץ") מדליקים נר חנוכה (גם) „בחוץ" כפשוטו, ו„בחוץ" גופא במקום הציבורי והמרכזי ביותר — אזי ניתוסף ב„פירסומי ניסא" ביתר שאת וביתר עוז.

ולכן, יש לעורר ולזרז עוד הפעם שינצלו את ימי חנוכה הנותרים בשנה זו להדליק נרות חנוכה באופן הכי גדול ד„פירסומי ניסא", עי"ז שבכל עיר ועיירה, כפר ומושב כו', ידליקו נרות חנוכה במקום הציבורי והמרכזי ביותר.

[אם ישנה אפשרות להדליק בכמה מקומות — מה טוב, העיקר הוא, אבל, שיהי' „פירסומי ניסא" באופן הכי גדול, כאמור, במקום הציבורי והמרכזי ביותר].

ובהזדמנות זו — לעורר את הנאספים ע"ד הדלקתם נר חנוכה בביתו של כאו"א,

כולל — התוכן הרוחני והפנימי דנר חנוכה, להאיר את ביתו ב„נר מצוה ותורה אור"[33], עד שהבית יהי' בית תורה תפלה וגמ"ח, שממנו אורה יוצאה לכל הסביבה כולה, כנ"ל בארוכה.

ו. ועוד ענין עיקרי בזה — בנוגע לפעולה על בני־נח:

הדלקת נר חנוכה „על פתח ביתו מבחוץ" — פועלת על כל הנמצאים בחוץ, ברשות־הרבים, כולל גם אומות העולם, ובלשון הגמרא[31] — „עד דכליא רגלא דתרמודאי", כהפירוש הפנימי[34], שנר חנוכה מבטל („כליא") את המציאות של מרידה בה' („תרמוד אותיות מורדת"[35]), עד לביטול „רגלא דתרמודאי", הדרגא הכי תחתונה כו'.

ולכן, יש לנצל את המעמד דהדלקת נר חנוכה במקומות הכי ציבוריים ומרכזיים — לעורר גם ע"ד קיום מצוות שנצטוו בני נח, ולהדגיש, שקיומם צריך להיות „מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה"[36], אשר, עי"ז מבטלים את המציאות ד„תרמודאי" (מרידה בה', ח"ו), שזהו התוכן דנרות חנוכה.

ז. ובהדגשה מיוחדת — במדינה זו:

בחסדי ה', נמצאים אנו במדינה שהיא „מלכות של חסד" (ההיפך בתכלית ד„מלכות יון הרשעה" שנוצחה בימי חנוכה[37]), אשר, נשיא המדינה מכריז ומעודד ע"ד קיום שבע מצוות בני־נח, ובהדגשה האמורה, שאין זה „דינא דמלכותא", מעשה בני־אדם, כי אם, ציווי הקב"ה, בורא העולם ומנהיגו.

---

31) שבת כא, ב.

32) פרש"י שם.

33) משלי ו, כג. וראה פרש"י שבת כג, ב (ד"ה בנים). וראה תו"א פרשתנו לב, ב. ובכ"מ.

34) ד"ה מצותה משתשקע החמה תשל"ח (נדפס בסה"מ מלוקט ח"ב ע' כה ואילך). ושי"נ.

35) עמק המלך שער קרית ארבע, ר"פ קיא. קהי"ע' תרמוד. ועוד. וראה לקו"ש חט"ו ע' 330. ושי"נ.

36) רמב"ם הל' מלכים ספ"ח.

37) עד לאופן דאתהפכא — בדוגמת תרגום התורה ליוונית דוקא (ראה משנה מגילה ח, ב: לא התירו שיכתבו אלא יונית. ובירושלמי שם פ"א ה"ט: בדקו ומצאו שאין התורה יכולה להתרגם כל צרכה אלא יונית). ולהעיר, שבזה גופא מודגש הענין דאתהפכא — שהרי בתחילה הי' זה ענין בלתי־רצוי, „הי' היום קשה לישראל כיום שנעשה העגל" (מסכת סופרים פ"א ה"ז), אלא שאח"כ נתהפך לטוב כו' (ראה בארוכה לקו"ש חכ"ד בתחלתו).

והתקווה חזקה — שיוסיף בזה עוד יותר, ובפרט כאשר יוסיפו להשתדל בענין זה.

ויש להוסיף ולקשר ענין זה עם שיעור חומש דנר חמישי דחנוכה[38] — בקביעות שנה זו:

שיעור חומש דנר חמישי, סיומו וחותמו[39] „את האלקים אני ירא"[40].

והגע עצמך:

מדובר אודות „השליט על הארץ"[41], אשר, פרעה מלך מצרים, שהי' „מושל בכיפה"[42], מינהו ל„מושל בכל ארץ מצרים"[43], באופן ש„בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו בכל ארץ מצרים"[44],

ובתוקף תפקידו כ„מושל בכל ארץ מצרים", „ערות הארץ"[45] — כפי שראוהו אלו שדיבר עמהם, שלא הכירוהו כיוסף, אלא כ„אדוני הארץ"[46] — מכריז באופן גלוי לעין כל: „את האלקים אני ירא"!

ובנוגע לענינינו:

מכיון שנשיא המדינה מכריז „את האלקים אני ירא", שלכן, צריכים לקיים את מצוות האלקים, שבע מצוות בני־נח — יכולים וצריכים לנצל ענין זה כדי להוסיף ביתר שאת וביתר עוז בפירסום והפצת שבע מצוות בני־נח לכל באי העולם.

*

ח. ויש להוסיף, שבשנה זו ישנה נתינת כח מיוחדת בנוגע לכל הענינים האמורים:

שנה זו היא שנת השמיטה — „שבת לה'"[47]. וגם התחלתה וראשיתה, „ראש השנה", הכולל את כל ימי השנה[48] — חל בשבת. ונוסף לזה, גם ימי חנוכה דשנה זו — התחלתם ביום השבת, וסיומם וחותמם — ביום השבת[49].

ומזה מובן, שבשנה זו ישנה נתינת־כח מיוחדת שהעבודה (דכל השנה כולה, ובמיוחד) בענינים השייכים לימי החנוכה, ייעשו ע"ד ובדוגמת אופן העבודה דיום השבת — ש„כל מלאכתך עשוי"[50], וכל ענינו הו"ע התענוג, „וקראת לשבת עונג"[51] — עבודה מתוך מנוחה ותענוג, ופשיטא, ללא כל התנגדות, מניעה ועיכוב, ובנקל יותר מכפי שיכולים לשער.

---

38) פרטי הענינים בנוגע לשיעור חומש זה – ראה שיחת נר חמישי דחנוכה (לעיל ע' 175 ואילך).

39) השייך (בעיקר) לסיום וחותם היום, שמחובר ללילה שלאחריו — לילה זה.

40) מב, יח.

41) שם, ו.

42) ראה מכילתא בשלח יד, ה. שמו"ר פט"ו, י. זח"ב ו, א.

43) ויגש מה, כו.

44) מקץ מא, מד.

45) שם מב, ט. שם, יב. וראה קה"ר פ"א, ד.

46) מקץ שם, ל.

47) בהר כה, ב. שם, ד.

48) ראה לקו"ת דרושים לר"ה נח, א ואילך. עט"ר שער ר"ה בתחלתו. ובכ"מ.

49) להעיר, שיום ראשון ויום אחרון דחנוכה כוללים את כל ימי חנוכה (כמודגש גם בקרה"ת דקרבנות הנשיאים, „כאילו כולם הקריבו ביום ראשון וכאילו כולם הקריבו ביום אחרון" (במדב"ר פי"ג, ט)), ובפרט בשנה זו שקביעותם ביום השבת — שבת הא', ש„מיני' מתברכין כולהו יומין" (זח"ב סג, ב. פח, א), ושבת הב', שבו נעשה העלי' והשלימות שלהם, באופן ד„ויכולו" (ראה לקו"ת בהר מא, א. אוה"ת בראשית מב, ב ואילך).

50) מכילתא ופרש"י יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א).

51) ישעי' נח, יג.

וכפי שראו במוחש בשנה זו ממש, שבכל המקומות שעסקו בפעולה דהדלקת נר חנוכה באופן ד„פירסומי ניסא" — הצליחו בזה, ובנקל, עד לאופן שלמעלה מכפי המשוער.

ומובן, שכאשר הקב"ה עוזר שההצלחה בזה תהי' בקלות, הרי, הכוונה בזה היא — לא לחסוך את היגיעה, כי אם, שהיגיעה תהי' בענינים נעלים עוד יותר, כידוע[52] הסיפור אודות דברי הצ"צ בקשר להצעת אדמו"ר הזקן לתת לו עניני תורה במתנה, שבכל שיקבל במתנה, יצטרך להמשיך ולהתייגע על ענינים נעלים יותר.

ועד"ז בנדו"ד, שכאשר מצליחים בקלות להדליק נר חנוכה באופן ד„פירסומי ניסא" — אין להסתפק בזה, אלא אדרבה, יש להמשיך ולהתייגע בכל זה באופן ד„מוסיף והולך", ובפרט — כש„מקשיבים לסיפורם של נרות חנוכה" (כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר[53]: „מ'דארף זיך צוהערן צו דעם וואס די ליכטעלעך דערציילן"), ולכל לראש — ההוראה ד„מוסיף והולך" בכל עניני „נר מצוה ותורה אור".

ועוד וגם זה עיקר — שהקביעות ביום השבת מדגישה את ההכנה ל„יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[54], החל מהטעימה ב„ערב שבת", „טועמי' חיים זכו"[55], עד לטעימה „מכל תבשיל ותבשיל"[56].

*

ט. והמעשה הוא העיקר[57]:

יש לפרסם בכל מקום ומקום שינצלו את ימי החנוכה הנותרים להוסיף ביתר שאת וביתר עוז בכל הענינים האמורים — הן בנוגע להדלקת נר חנוכה באופן ד„פירסומי ניסא", והן בנוגע לפעולות להאיר ב„נר מצוה ותורה אור" ע"י הקמת בתי תורה תפלה וגמ"ח.

וכדי להוסיף עידוד ומרץ בכל פעולות אלו — ע"י פירסום הדברים, „מצוה לפרסם עושי מצוה"[58], ובפרט ע"פ מארז"ל[59] „אילו הי' יודע ראובן שהקב"ה מכתיב עליו כו'" — כדאי ונכון שישלחו „תמונות" מהפעולות שנעשו בימי חנוכה, על מנת לפרסמם בדפוס[60].

ופשוט, שגם לאחרי ימי החנוכה יש להמשיך בכל הפעולות להאיר ב„נר מצוה ותורה אור", ואדרבה — מעלין בקודש ביתר שאת וביתר עוז, כהוראת ימי חנוכה — „מוסיף והולך . . מעלין בקודש".

יו"ד. ויה"ר שע"י מעשינו ועבודתינו בענינים האמורים — הקמת בתי תורה תפלה וגמ"ח, בתי חב"ד, והדלקת נר חנוכה באופן ד„פרסומי ניסא" — נזכה בקרוב ממש לחנוכת בית המקדש השלישי, „דביר ביתך" כפשוטו, והדלקת המנורה ע"י אהרן כהן גדול[61], כפי

---

52) ראה לקו"ש חט"ו ע' 18. חכ"ד ע' 561. ועוד.

53) שיחת ליל ש"ק וישב, כ"ד כסלו, שבת חנוכה תש"ד (נדפסה בהוספה לקונטרס ד"ה ברוך שעשה נסים (ברוקלין תשי"א)).

54) תמיד בסופה.

55) ראה בהנסמן בלקו"ש חט"ז ס"ע 282. ח"כ ע' 178.

56) שו"ע אדה"ז או"ח הל' שבת סוסר"נ.

57) אבות פ"א מי"ז.

58) שו"ת הרשב"א ח"א סתקפ"א. הובא במג"א או"ח סקנ"ד סקכ"ג. רמ"א יו"ד סרמ"ט סי"ג.

59) ויק"ר פל"ד, ח. רות רבה פ"ה, ו. ועוד.

60) ראה גם שיחות: מוצש"ק פ' מקץ, נר ח' דחנוכה; מוצאי זאת חנוכה; ש"פ ויגש, ט' טבת (ועוד) — תשמ"ו.

61) להעיר, שנס חנוכה קשור במיוחד עם כהן גדול — שהרי הנס הי' ע"י „מתתיהו בן יוחנן כהן גדול" (ולהעיר מהדעות אם „כהן גדול" קאי על מתתיהו או על יוחנן), וגם נס השמן הי' ב„פך אחד של שמן שהי' מונח בחותמו של כהן גדול".

שקורין בקריאה המיוחדת ליום אחרון דחנוכה: „דבר[62] אל אהרן גו' בהעלותך את הנרות גו'"[63], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

והוספה מיוחדת בכל זה — כשמתקיימת חתונה בימי חנוכה (ב„יומין זכאין", שעי"ז ניתוסף יותר בהמשכת הברכות עד אין קץ), שענינה — בנין בית בישראל[64], בנין עדי עד, על יסודי התורה והמצוה, אשר, ענין זה נעשה הכנה קרובה לקיום היעוד[65] „מהרה . . ישמע בערי יהודה ובחוצות ירושלים קול ששון וקול שמחה קול חתן וקול כלה קול מצהלות גו'", חמשה קולות שהם כנגד החמשה קולות דמתן תורה[66].

וכל ענינים אלו — בפשטות ובפועל ממש, למטה מעשרה טפחים, שבימי חנוכה דשנה זו, בהמשך לנר חמישי, הולכים ביחד עם משיח צדקנו[67] להדליק נרות חנוכה „בחצרות קדשך", ולראות את הדלקת המנורה ב„דביר קדשך", „נרות של ציון"[68], „יראה אל אלקים בציון"[69], כי תקויים הבקשה „הראנו ה' חסדך וישעך תתן לנו . . לשכן כבוד בארצנו"[70].

---

62) ר"פ בהעלותך.

63) כולל גם הענין הרוחני דהדלקת הנרות (ראה לקו"ת ר"פ בהעלותך) — שכל שבעת הנרות, ד' הסוגים ד„נר ה' נשמת אדם", מאירים אל מול פני המנורה, ובאופן ד„בהעלותך את הנרות", „עד שתהא שלהבת עולה מאלי'" (פרש"י ר"פ בהעלותך), עד שגם הנרות נעשים „נרות להאיר".

64) ע"ד ובדוגמת בית המקדש, „ושכנתי בתוכם" — כמארז"ל (סוטה יז, א) „איש ואשה זכו שכינה ביניהם".

65) נוסח ברכת „שבע ברכות" (ע"פ ירמי' לג, י־יא).

66) ברכות ו, ב.

67) האחד ומיוחד מ„שמונה נסיכי אדם" (סוכה נב, ב) — שהם כנגד שמונת ימי חנוכה (תו"א פרשתנו (מקץ) לג, ג ואילך. ובכ"מ).

68) יל"ש ר"פ בהעלותך.

69) תהלים פד, ח.

70) שם פה, ח־י. וראה ראב"ע שם: זה המזמור לעד כי הכבוד לא הי' בבית שני (כי אם במקדש העתיד).



## שיחת נר ז' דחנוכה ה'תשמ"ז
## — לאחרי תפלת מנחה והדלקת נר חנוכה —

בעמדנו לאחרי הדלקת נר שביעי דחנוכה, הרי, מכיון שבקביעות שנה זו חל נר שמיני דחנוכה בערב שבת, נמצא, שנר שביעי דחנוכה הוא הזמן האחרון לבקש „מעות חנוכה" בשנה זו.

ולכן, כדאי לעורר עוד הפעם — בהמשך להמדובר לפנ"ז[1] הן בנוגע לילדים והן בנוגע למבוגרים — אודות בקשת „מעות חנוכה" האמיתיים (נוסף על „מעות חנוכה" כפשוטם) גם בש"ק:

ובהקדמה — שהתוכן הפנימי דחנוכה (חנוכת המקדש) בעבודת האדם הוא, שכל בית יהודי יהי' מקום להשראת השכינה, „ושכנתי בתוכם", „מקדש מעט", בית תורה ותפלה, „בית גדול", „שמגדלין בו תורה ומגדלין בו תפלה"[2], ומגדלין בו גמ"ח (כללות כל המצוות[3]).

ולכן, יבקשו הילדים מהוריהם „מעות חנוכה" — שיעשו מהחדר שלהם (עוד יותר ממה שעושים הילדים בכח עצמם) ומהבית כולו, בית תורה תפלה וגמ"ח.

וכמו כן תבקש האשה מבעלה והבעל מאשתו לעזור זל"ז בעשיית הבית כולו בית תורה תפלה וגמ"ח.

ויה"ר שכל זה ימהר את בקשת ונתינת „מעות חנוכה" דכנסת ישראל מהקב"ה — כידוע[4] שכנסת ישראל והקב"ה נמשלו לאיש ואשה — בכל המצטרך להם,

בני חיי ומזוני רויחא, ובכולם רויחא,

כולל — הצלחה בעשיית כל בית וכל חדר בית תורה תפלה וגמ"ח, בית חב"ד,

ועד שהעולם כולו יהי' בית חב"ד, בית שמגדלים בו תורה, מגדלין בו תפלה ומגדלין בו מצוות — מכיון שנעשה דירה לו ית' בתחתונים, באופן גלוי, „ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר גו'"[5],

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, אחד ומיוחד מ„שמונה נסיכי אדם",

שאז יהי' גם כינור של שמונה נימין[6], ויתירה מזה — כינור של עשר נימין[6], „עלי עשור"[7], ביחד עם השירה העשירית[8],

במהרה בימינו ממש, כאמור, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן ממש.

---

1) שיחה נר ה' ונר ו' דחנוכה (לעיל ע' 175 ואילך; 187 ואילך).

2) מלכים ב' כה, ט. מגילה כז, רע"א.

3) ראה תו"א וישב כט, ג. לקו"ת פ' ראה כג, ג. ובכ"מ.

4) דכל שיר השירים מיוסד על זה (רש"י שה"ש בתחלתו. ובכ"מ).

5) ישעי' מ, ה.

6) ערכין יג, ב.

7) תהלים צב, ד. ערכין שם.

8) ראה מכילתא בשלח טו, א. תנחומא שם יו"ד. תרגום שה"ש בתחלתו. וראה אוה"ת שם.

## משיחת ש"פ מקץ, זאת חנוכה ה'תשמ"ז

א. אין ימי החנוכה פון היינטיקן יאר — איז פאראן א דבר הכי בולט[1], אז עס זיינען דא צוויי שבתות חנוכה; און דאס דריקט זיך אויס (אויך) אין דעם חידוש אז מ'זאגט דעמולט צוויי הפטרות של חנוכה[2]: דעם[3] ערשטן שבת חנוכה מפטירים „בנרות זכרי'"[4], און דעם צווייטן שבת „בנרות שלמה"[5].

דארף מען פארשטיין:

„מפטירין[6] בכל שבת ושבת בנביא מעין שקרא בתורה"[7], אדער (במועדים שחלו בשבת) „מעין המאורע"[8], „מענינו של יום"[9].

שטעלט זיך די שאלה: וואס פאר א שייכות האט די הפטרה („ויעש חירום") מיט „ענינו של יום" פון חנוכה? דער תוכן כללי פון דער הפטרה איז דער סיום און סך־הכל פון עשיית כלי המקדש ע"י חירום, און דערנאך וועגן עשיית כלי המקדש ע"י שלמה המלך — ניט וועגן אן ענין וואס איז „מעין המאורע" פון חנוכה.

אמת טאקע, דארט שטייט אויך וועגן „נרות שלמה", אבער א) דאס איז נאר איין פסוק (וקרוב לסוף ההפטרה), און ב) בתוך עשיית כלי המקדש (בלי שום הדגשה מיוחדת בדבר), אלע איבעריקע פסוקים אין דער הפטרה רעדן כלל ניט וועגן דעם. און ג) אפילו אין דעם פסוק וואו עס שטייט וועגן די נרות, שטייט נאר אז שלמה המלך האט געמאכט „ואת המנורות חמש מימין וחמש משמאל גו'" — ניט אז ער האט זיי אריינגעבראכט אין מקדש, און ניט אז מ'האט זיי אנגעצונדן [ואדרבה — לדיעה אחת[10] האט מען זיי טאקע ניט אנגעצונדן], און ניט פארבונדן מיט קיין שום ברכה אדער תפלה וכיו"ב, ניט קיינע אנדערע פרטים.

בשלמא אין די הפטרה פון דעם ערשטן שבת חנוכה זעט מען די שייכות

---

1) ובמילא יש לו קדימה בשימת לב האדם, כנראה ברגש האדם, רגש ע"פ תורה, וע"ד מאחז"ל שאינו דומה שמיעה לראי' (ראה מכילתא ופרש"י יתרו יט, ט. לקח טוב שלח יג, יח. נת' בהמשך וככה תרל"ז פל"ג ופנ"ז. ועוד). ולכן „אין עד נעשה דיין כו' כיון דחזיוהו כו' לא מצו חזו לי' זכותא" (ר"ה כו, א. וראה לקו"ש ח"ד ע' 121 ובהערות שם).

2) חידוש שלא מצינו דוגמתו בשאר המועדים (כי בשלש רגלים אומרים כמה הפטרות גם כשאינו חל בשבת).

3) מגילה לא, סע"א. רמב"ם הל' תפלה פי"ג הי"ז. טושו"ע או"ח סתרפ"ד ס"ב.

4) „רני ושמחי בת ציון . . ראיתי והנה מנורת זהב כולה . . חן חן לה" (זכרי' ב, יד — שם ד, ז). — ס' האשכול ע' 66. וראה אנציקלופדי' תלמודית (כרך יוד) ערך הפטרה ע' טז. ושי"נ.

5) „ויעש חירום . . ואת המנורות חמש מימין וחמש משמאל . . להיכל הזהב" (מלכים א' ז, מ־נ). — אשכול שם. וראה אנציקלופדי' הנ"ל שם ע' יז. ושי"נ.

6) רמב"ם הל' תפלה שם ה"ב. טושו"ע ושו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רפד. טור ורמ"א שם סתכ"ח (ס"ח).

7) וכמודגש ביותר בשבת חנוכה שחל בראש חודש טבת — שאז מפטירים בשל חנוכה, „כיון שהמפטיר קורא (בתורה) בשל חנוכה, יש לו להפטיר מענין שקרא" (תוד"ה הדר — שבת כג, ב).

8) רש"י ד"ה הא כדאיתא — מגילה ל, ב.

9) תוד"ה כאן — שם כג, ב.

10) מנחות צט, א. וראה ברייתא דמלאכת המשכן פ"י. ירושלמי שקלים פ"ו ה"ג. תוספתא מנחות פי"א, ו.

מיט „ענינו של יום": דאָרט רעדט זיך באריכה (בכמה פסוקים וכמה פרטים) און מיט אַ הדגשה והפלאה וועגן „נרות זכרי'"[11] — „ראיתי והנה מנורת זהב כולה וגולה על ראשה ושבעה נרותי' עלי' שבעה ושבעה מוצקות לנרות אשר על ראשה ושנים זיתים עלי' אחד מימין הגולה ואחד על שמאלה". און דאָס שטייט אין אַ נבואה — נבואת זכרי' אויף דער מנורה בבית שני[12], און דערנאָך ווי דער מלאך טייטשט אויס דער פירוש אין די נבואה („זה דבר ה' אל זרובבל וגו'"), אַז דאָס גייט (אויך) אויף לעתיד לבוא[13].

משא"כ אין די הפטרה פון „ויעש חירום" זעט מען לכאורה ניט קיין שייכות מיט חנוכה, כנ"ל.

די קשיא ווערט נאָך שטאַרקער: אפילו אויב עס וואָלט ניט געווען נאָך אַ ענין מפורש אין נביאים „מעין המאורע" פון חנוכה — וואָלט אויך געווען די קשיא: עאכו"כ אַז אין המשך הכתובים אין מלכים (נאָך סיום ההפטרה פון „ויעש חירום") שטייט „ותשלם[14] כל המלאכה אשר עשה המלך שלמה בית ה' גו' ואת הכלים נתן באוצרות בית ה'", און דערנאָך רעדט זיך באריכה וועגן הבאת הכלים למקומם בבית המקדש, און השראת השכינה במקדש („מלא כבוד ה' את בית ה'"[15]), און חנוכת בית המקדש, מיטן גאַנצן שטורעם — וואָס דאָס איז דאָך „מעין המאורע" פון חנוכה, על שם חנוכת בית המקדש (בזמן החשמונאים)[16].

נאָכמער: ס'איז דאָ אַ דיעה[17] אַז די הפטרה בכל שבת חנוכה (ניט בשבת שני' של חנוכה) זאָל זיין פון „ותשלם כל המלאכה"!

אעפ"כ איז די הלכה און מנהג ישראל בזמן הזה, אַז מפטירים (דעם צווייטן שבת· חנוכה) ניט וועגן חנוכת המקדש און ניט וועגן שלימות המקדש — הבאת הכלים למקדש והשראת השכינה במקדש, נאָר „ויעש חירום" ביז „להיכל הזהב" וואו עס רעדט זיך בלויז וועגן עשיית הכלים (איידער מ'ברענגט זיי אין מקדש און איידער ס'איז דאָ השראת השכינה), און מ'איז אפילו ניט מוסיף איין פסוק, ניט מסיים (דעם קאַפּיטל) מיט „ותשלם כל המלאכה אשר עשה המלך שלמה גו' ואת הכלים נתן באוצ־רות בית ה'" (און „אז יקהל שלמה גו'", התחלת חנוכת המקדש)[18] — וואָס וואָלט עכ"פ פאַרבונדן „נרות שלמה" מיט „ענינו של יום" פון חנוכה, ווייל אין דעם המשך ווערט דערציילט ווי שלמה האָט אריינגעבראַכט די מנורות אין מקדש?!

נאָך אַ נקודה אין דעם, וואָס פאַר־שטאַרקט די קשיא:

---

11) וגם תחלת ההפטרה („רני ושמחי וגו'") יש לה שייכות לחנוכה — כמשנ"ת בד"ה רני ושמחי בת ציון בתורה אור (לו, סע"ד ואילך), בשערי אורה (פ"א ופכ"ג), ובסידור שער החנוכה (רעה, רע"ג ואילך). ועוד.

12) נסמן לקמן הערה 20.

13) ויק"ר ספל"ב. הובא בלקו"ת בהעלותך לג, סע"ב ואילך.

14) מ"א ז, נא ואילך.

15) שם ח, יא.

16) שבלי הלקט סי' קעד. וראה שיחת ש"פ וישב א' דחנוכה (לעיל ע' 50־149). ושנ"נ.

17) מס' סופרים פ"כ ה"י. וראה אנציקלופדי' תלמודית הנ"ל הערה 4. ושנ"נ.

18) כדעת רש"י (בסידורו סי' תמט — ע' 227) ואבודרהם (קריאת התורה בחנוכה) שקוראים עד „מעיר דוד היא ציון" (ראה אנציקלופדי' הנ"ל הערה 5. ושנ"נ).

חידוש אין עבודת כל אחד ואחת, ובאופן אַז ער (זי) איז דאָס משפיע אויף דעם גאַנצן אַרום.

ג. אָנהויבנדיק פון דעם דבר הקרוב אלינו — דער שבת שלאחרי עשירי ב־שבט, דער יום ההילולא פון כ״ק מו״ח אדמו״ר[11]:

ס׳איז ידוע (ווי דער אַלטער רבי ער־קלערט אין אגרת הקודש[12]) אַז אין דעם יום ההילולא פון אַ צדיק ווערן נכלל און עס זיינען עולה למעלה „כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד כל ימי חייו", און זיי שטייען דעמולט בתכלית השלימות[13],

און צוזאַמען דערמיט איז דאָס אויך „מתגלה[14] ומאיר בבחי׳ גילוי מלמעלה למטה", ביז אַז דאָס איז „פועל[15] ישועות בקרב הארץ", בכל הארץ כולה,

ולכל לראש — צו אידן, צו די וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם צדיק, די וואָס גייען „בדרך ישרה אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו נס״ר[16]. און דורך זיי — בכל הארץ כולה, אויך צו אוה״ע.

און בשעת עס רעדט זיך וועגן אַ נשיא בישראל, וואָס „הנשיא הוא הכל"[17], און „בתר רישא גופא אזיל"[18] — איז פאַרשטאַנדיק אַז דעמולט ווערט נמשך אַ סיוע ונתינת כח צו כל אנשי הדור[19], וואָרום אַ נשיא „לא יעזוב צאן מרעיתו"[20], ואדרבה (ווי עס שטייט אין זהר[21]) — „אשתכח[22] בכולהו עלמין (אויך ב־עוה״ז הגשמי[23]) יתיר מבחיוהי", וואָרום „חיי[24] הצדיק אינם חיים בשריים כ״א חיים רוחניים שהם אמונה ויראה ואהבה כו׳, והנה בהיות הצדיק חי על פני ה־אדמה היו שלשה מדות אלו בתוך כלי ולבוש שלהם בבחי׳ מקום גשמי כו׳, אבל לאחר פטירתו כו׳ הואיל ואינה ב־תוך כלי ולא בבחי׳ מקום גשמי כו׳ נקל מאד לתלמידיו לקבל חלקם מבחי׳ רוח רבם העצמות[25] שהם אמונתו ויראתו ואהבתו אשר עבד בהם את ה׳ כו׳".

און ביום ההילולא בכל שנה ושנה חזר׳ט זיך איבער די זעלבע זאַך ווי ס׳איז געווען בפעם הראשונה (כידוע דער פירוש[26] עה״פ[27] „הימים האלה נזכרים ונעשים"), ואדרבה — בכל שנה קומט צו אַן עלי׳ נוספת ויתירה אין

---

11) בהבא לקמן — ראה שיחת ש״פ בשלח תשמ״ז.

12) סי׳ זך (קמז, א־ב). וראה סידור שער הל״ג בעומר (דש, ב־ג). ד״ה להבין ענין הילולא דרשב״י: תקס״ד (סה״מ תקס״ד ע׳ קד), מאמרי אדהאמ״צ ויקרא ח״ב ע׳ תרפג ואילך, תרנ״ד, עטר״ת. ועוד.

13) ראה הדרושים בזה של״ג בעומר הוא בהוד שבהוד (סידור עם דא״ח שם. ועוד).

14) אגה״ק סכ״ח (קמח, א).

15) לשון הכתוב — תהלים עד, יב.

16) לשון אדה״ז באגה״ק סי׳ זך (קמו, א).

17) פרש״י חוקת כא, כא.

18) עירובין מא, א. וראה סוטה מה, ב.

19) וגם לאומות העולם — כי כל העולם כולו (כולל אוה״ע) נברא בשביל ישראל (פרש״י ר״פ בראשית).

20) ראה מכתב כ״ק מו״ח אדמו״ר באגרות־קודש שלו ח״א ע׳ קמא. ועוד.

21) ח״ג עא, א.

22) ראה אגה״ק סי׳ זך (קמו, א).

23) כן מפרש דברי הזהר אדה״ז באגה״ק שם. בזוהר שם: „דבחיוהי אשתכח בהאי עלמא בלחודוי ולבתר אשתכח בתלת עלמין".

24) אגה״ק — ביאור על סי׳ זך.

25) לכאורה כצ״ל (ולא „העצמיות" כבהדפוסים שראיתי) וכמ״ש תיכף בהמשך הענין.

26) האריז״ל — ראה רמ״ז בס׳ תיקון שובבי״ם, הובא ונתבאר בס׳ לב דוד להחיד״א פכ״ט.

27) אתסר ט, כח.

(דער נשמה פון) דעם בעל ההילולא — אַן עלי' שלא בערך[28], און דורך דעם — ווערט אויך אַן עלי' שלא בערך באַ כל הדור ובפרט באַ כל ההולכים „בדרך ישרה אשר הורנו".

און נאָכמער: „מה זרעו בחיים אף הוא בחיים"[29]. דורך דעם וואָס זרעו זיינען בחיים, און אַ חיים בהתאם צו חיי הצדיק — „חיים רוחניים שהן אמונה ויראה ו־אהבה"[24] — ווערט „אף הוא בחיים" (ווייל „חיי הצדיק אינם חיים בשריים כ"א חיים רוחניים"). ד.ה. אַז ס'איז ניט בלויז וואָס מ'באַקומט אַ השפעה פון דעם צדיק ובאופן של עלי' שלא בערך וכו', ובכל שנה ושנה קומט אין דעם צו אַ הוספה — נאָר „הוא בחיים" ממש, און אין דעם גופא קומט צו אַן עלי' שלא בערך משנה לשנה.

און בשעת עס קומט דער שבת שלאחרי יום ההילולא — ווערט דעמולט דער „ויכולו"[30] מלשון שלימות[31] אין דעם שלימות גופא פון דעם יום ההילולא — תכלית השלימות שבתכלית השלימות.

ד. דער לימוד דערפון צו כל אנשי דורנו:

פון דעם שבת שלאחרי יום ההילולא דעשירי בשבט בשנה זו — ווען די עבודה פון דעם בעל ההילולא שטייט בתכלית השלימות און דערפון ווערט נמשך צו כל אנשי הדור, ביז באופן פון „מה זרעו בחיים אף הוא בחיים" —

באַקומט יעדער איד פון דעם דור, אנשים נשים וטף, כחות צו מוסיף זיין באופן חדש ושלא בערך אין זיין עבודה, בלימוד התורה, קיום המצוות בהידור, ועבודת התפלה. ובכללות — די שלשה עמודים שעליהם העולם עומד[32], תורה עבודה (תפלה) וגמילות חסדים (וועלכע זיינען כולל כל המצוות וכל עניני עבודה).

ובמיוחד אין דער עבודה המיוחדה פון דעם בעל ההילולא — הפצת התורה והיהדות בכלל, און הפצת המעינות חוצה במיוחד, ביז אין חוצה שאין חוצה ממנו, כולל דורך מתרגם זיין חסידות בלשון עם ועם, אַזוי אַז דאָס זאָלן קענען דערגרייכן צו אידן וואָס פאַרשטייען דערווייל ניט לשון הקודש, און אויך — בנוגע די ענינים השייכים להם — צו אוה"ע[33].

---

28) כמובן ממ"ש בכתבי האריז"ל (שער הכוונות ענין הקדיש. פע"ח שער ו ספ"א בהגה"ה. סידור האריז"ל קודם עלינו. ועוד. הובא בשיורי ברכה לשו"ע יו"ד סו"ס שעו) שאמירת הקדיש שייך ג"כ לעליות הנשמה ממדריגה למדריגה בג"ע עצמו, ועפ"ז י"ל אשר בסיום אמירת הקדיש די"א חודש מסתיים סדר עליות זה ומתחיל סדר חדש בעליות הנשמה בג"ע גופא. וזהו הטעם לאמירת קדיש ביום היאָרצייט בכל שנה — מפני עליית הנשמה לדרגה נעלית יותר, ודרגא שלא בערך נעלית יותר — בדוגמת העלי' (באלו השייכים לזה) בשנה ראשונה מגיהנום לג"ע.

ועפ"ז מובן, שאף שאמרו חז"ל (ברכות בסופה. שו"ע אדה"ז תאו"ח סקנ"ה ס"א. וש"נ) „תלמידי חכמים אין להם מנוחה לא בעולם הזה ולא בעולם הבא שנאמר (תהלים פד, ח) ילכו מחיל אל חיל יראה אל אלקים בציון", היינו שמתעלים במשך כל ימי השנה, אעפ"כ אין אומרים קדיש בכל יום ורק ביום היאָרצייט — כי בכל תחלת השנה העלי' היא לעולם חדש (שלא בערך), וע"ז הוא אמירת קדיש, משא"כ במשך שאר ימות השנה הרי"ז עליות באותו עולם.

29) תענית ה, ב.

30) בראשית ב, א.

31) ראה אוה"ת עה"פ (כרך א מב, ב ואילך. כרך ג תקח, א ואילך). ועוד.

32) אבות פ"א מ"ב.

33) ראה בארוכה שיחות ש"פ ויחי וש"פ שמות (לעיל ע' 255 ואילך. ע' 264. 275 ואילך). שיחת ש"פ וארא (לעיל ע' 281 ואילך).

ה. און אין דעם חידוש ושלימות העבודה וואָס מ'האָט בשבת זה קומט צו נאָך אַ הוספה – מצד די אַנדערע דריי ענינים הנ"ל בשבת זה:

חמשה עשר בחודש:

ישראל דומין און (דערפאַר) מונין ללבנה[34], כידוע אַז דברי ימי ישראל באַשטייען פון עליות וירידות בדוגמת הלבנה, ביז אַז „הם עתידים להתחדש כמותה"[35].

און דעריבער, בשעת קיימא סיהרא באשלמותא (בחמשה עשר בחודש), דער אור הלבנה איז במילואו ובשלימותו – באַוויזט עס אַז דעמולט לייכט במילואו ובשלימותו דער אור פון עם ישראל וחיי כאו"א מישראל, ובמיוחד – אין „נר מצוה ותורה אור"[36].

וע"פ הכלל פון „מעלין בקודש"[37], איז פאַרשטאַנדיק אַז אע"פ וואָס בחדשים שלפנ"ז איז שוין געווען קיימא סיהרא באשלמותא (בחמשה עשר בחודש) – קומט צו אין דעם גופא אַן עלי' ושלימות בבכל חודש וחודש, אַזוי אויך בחודש זה, לגבי כל החדשים שלפני זה.

און נוסף לזה וואָס דער שלימות ומילוי איז דאָ באַ אידן, האָט דאָס אַ השפעה בכל העולם (אויך אויף אוה"ע) – ווי דער ענין איז בפשטות: בחמשה עשר בחודש ווערט די גאַנצע ערד און אַלע אירע באַשעפענישן באַלויכטן מיט די פולע ליכט פון דער לבנה, און יעדערער קען דאָס זען בפשטות, און גיין באַנאַכט מיטן אור הלבנה, וכיו"ב.

נאָכמער: ס'איז ידוע אַז דער אור הלבנה האָט אַ השפעה אויף עניני הארץ, צמיחה כו' בשדות ובכרמים, כמ"ש[38] „וממגד גרש ירחים", „יש פירות שהלבנה מבשלתן כו'"[39]. און אויך: „הלבנה מניע יסוד המים שכן הימים והנחלים מתוספים בתוספת הלבנה כו'"[40]. איז דערפון מובן, אַז בשעת ס'איז קיימא סיהרא בשלמותא, איז נאָך שטאַרקער די השפעת הלבנה אויף צמיחה וכו' בכל עניני העולם, אויך באַ אוה"ע.

און אין עבודת האדם איז דער ענין בזה: די שלימות העבודה פון „נר מצוה ותורה אור" ביי אַ אידן (קיימא סיהרא באשלמותא) – דאַרף זיין ניט בלויז בנוגע לעצמו, נאָר אויך באַלייכטן דעם גאַנצן אַרום, אַנדערע אידן, און חלקו בעולם, ביז כל העולם כולו, אויך אוה"ע, כפס"ד ברור ברמב"ם[41] אַז „צוה משה רבינו מפי הגבורה לכוף את כל באי העולם לקבל מצוות שנצטוו בני נח".

ו. חמשה עשר בשבט, ראש השנה לאילנות:

חמשה עשר בשבט איז אַ יו"ט באַ אידן – מ'זאָגט דעמולט ניט קיין תחנון, און דערצו איז אויך אַ מנהג ישראל צו עסן פירות האילן ביום זה וכו'[42].

---

34) סוכה כט, א. ב"ר פפ"ו, ג. זח"א רלו, ב. וראה סה"מ תקס"ו ע' מח ואילך. אוה"ת בראשית ד, סע"ב ואילך.

35) נוסח קידוש לבנה, מסנהדרין מב, א.

36) משלי ו, כג.

37) ברכות כח, א. וש"נ.

38) ברכה לג, יד.

39) פירש"י עה"פ.

40) רבינו בחיי עה"פ.

41) הל' מלכים ספ"ח.

42) ראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו. וש"נ. וראה לקו"ש חכ"ד ע' 115 ובהנסמן שם.

**וואָס** איינער פון די ביאורים בזה איז — מיוסד אויפן פסוק[43] „כי האדם עץ השדה", וכמובן פון דברי הגמרא אויף דעם פסוק[44] אַז מ'פאַרגלייכט אַ אידן (אַ תלמיד חכם) צו „עץ השדה"[45].

**דאַרף** מען פאַרשטיין: ווי פּאַסט צו מתאר זיין מעלת האדם — מין המדבר — דערמיט וואָס ער איז „עץ השדה", אַז ער האָט די תכונות, מעלות פון „צומח"?

**אמת** טאַקע אַז ביי אַן אדם איז פאַראַן[46] אויך דער ענין פון „צומח" (ובפרט די צמיחה פון זיינע שערות צפרניו וכו'), אָבער ביי אַן אדם איז דאָך פאַראַן אַ פיל גרעסערע מעלה — דער ענין פון „חי" ו„מדבר". ועוד ועיקר: ניט אין צומח (שבו) באַשטייט מעלת האדם — היינט ווי איז מתאים צו זאָגן „האדם עץ השדה"?

**ויש** לומר הביאור בזה:

**וויבאַלד** איז „כל מה שברא הקב"ה בעולמו לא ברא דבר אחד לבטלה"[47], און „לא בראו אלא לכבודו"[48], מוז מען זאָגן אַז אין יעדער בריאה שבעולם כולל חלק הצומח, איז דאָ אַ מעלה ושלימות וואָס שאר חלקי העולם, כולל דעם מין המדבר, פאַרמאָגן ניט (מצד עצמם), און פון די מעלה ושלימות דאַרפן אַלע מקבל זיין און זיך אָפּלערנען.

**איינע** פון די מעלות אין מין הצומח[49] (לגבי שאר המינים, דומם, חי ומדבר) איז — אַז ער וואַקסט שטענדיק. כשמו — „צומח", על שם זה וואָס כל משך זמן קיומו — איז ער צומח [ע"ד ווי „חי" ווערט אָנגערופן בשם „חי", על שם זה וואָס כל משך זמן קיומו איז ער חי, ער באַוועגט זיך[50]]. משא"כ (מין החי און) מין המדבר (אַן אדם) ניט כל ימי חייו וואַקסט ער[51]: באַ זיי איז דאָ[52] די ימי הגידול, ימי העמידה, וימי הזקנה.

**נאָך** אַ מעלה ושלימות אין מין הצומח (אילנות) איז — אַז דער גידול תמידי איז אין אַן אופן אַז ער איז נושא פירות (ו־באופן פון גילוי כח הא"ס[53]) כל משך זמן קיומו. משא"כ באַ מין המדבר, איז דאָ אַ זמן ווען עס ווערט נפסק דער כח אויף הולדה בפועל.

**און** צוליב די מעלה ושלימות אין צומח (עץ) גלייכט מען צו אַן אדם צו „עץ השדה": וויבאַלד אַז דער אדם איז אַן „עולם קטן"[54], איז פונקט ווי דער „עולם גדול" איז איינגעטיילט אין פיר סוגים, דומם, צומח, חי און מדבר, אַזוי זיינען אויך באַם אדם אויך ברוחניותו, פאַראַן די פיר סוגים, כולל צומח[55].

---

43) שופטים כ, יט.

44) תענית ז, א.

45) ראה בהבא לקמן בארוכה לקו"ש ח"ד ע' 1115 ואילך. חכ"ד שם ואילך.

46) ראה תו"א בראשית ד"ה להבין הטעם שנש־תנה כו' (ג, ד ואילך). ועוד.

47) שבת עז, ב.

48) אבות פ"ו מי"א.

49) ובזה גופא — השלימות היא באילנות (ראה לקו"ש חכ"ד ע' 117 ובהערה 17).

50) ראה לקו"ש שם ובהנסמן שם.

51) ויש לומר ע"ד החסידות: כי אדם הוא אדמה לעליון (יבמות סא, רע"א. עשרה מאמרות מאמר אם כל חי פל"ג. של"ה ג, א. כ, ב. רסח, ב. שח, ב. ועוד), לאדם העליון — בחי' ממכ"ע, שהוא כביכול במדידה והגבלה, וצמיחה והליכה תמידית שם היא מצד בחי' סובב, שהוא למעלה ממדידה והגבלה.

52) ראה אמרי בינה שער הק"ש פצ"ח.

53) ראה אגה"ק ס"כ (קלב, א). לקו"ת שה"ש לט, ד ואילך. ובארוכה — המשך שמח תשמח תרנ"ז ע' קעו ואילך. ועוד.

54) תנחומא פקודי ג. ת"ז תס"ט (ק, א). וראה אדר"נ פל"א, ג. קה"ר א, ד. זח"א קלד, ב. ועוד.

55) ראה לעיל הערה 46. ס' הערכים-חב"ד ח"א ע' אדם ס"ז. וש"נ.

און איינער פון די ענינים וועלכער ער איז מקבל פון צומח איז – דער כח אַז בעבודה רוחנית שלו זאָל ער שטענדיק וואַקסן, במשך כל ימי חייו (סיי בימי גידול, סיי בימי עמידה, און סיי בימי זקנה) וואַקסן און שטייגן אַלץ העכער און העכער, כמאחז"ל „תלמידי חכמים אין להם מנוחה כו' שנאמר ילכו מחיל אל חיל יראה אל אלקים בציון".

און וואַקסן ניט בלויז פאַר זיך אַליין, נאָר אין אַן אופן אַז ער איז שטענדיק „נושא פירות" – דורך לערנען און משפיע זיין אויף אַנדערע, וואָס „כל המלמד את בן חבירו תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו"[56], ביז אויך אויף אוה"ע (וואָס אויך זיי באַקומען אַ השפעה פון אילנות ומין הצומח). ואדרבה – בענין זה איז דאָ אַ מעלה ביי אַ זקן, מצד דעם וואָס „רוב שנים יודיעו חכמה"[57].

ז. דערפון איז פאַרשטאַנדיק דער לימוד פון חמשה עשר בשבט:

לויט דעם ביאור בנוגע צו ראש השנה בכלל[58], אַז ער איז דער „ראש" (קאָפּ) פון יאָר וואָס איז אין זיך כולל כל ימי השנה, און פירט מיט זיי אָן אויך במקומם – איז פאַרשטאַנדיק די זעלבע זאַך בנוגע צו „ראש השנה לאילנות"[59] (בנוגע צו דעם ענין פון אילנות, צומח) – אַז ער איז דער „ראש" פון די עבודה באופן פון צמיחה והליכה תמידית ונושא פירות במשך כל ימי השנה. ד.ה. אַז אין דעם טאָג הויבט זיך אָן אַ סדר חדש אין עבודה פון „אדם עץ השדה" באופן פון הליכה מחיל אל חיל, ובאופן פון „נושא פירות", משפיע זיין אויף דעם אַרום.

ד.ה. במשך כל השנה דאַרף זיין עבודה באופן פון „ילכו מחיל אל חיל", און א) אַ כח מיוחד לזה נעמט מען פון ר"ה לאילנות, און ב) ועיקר: בר"ה לאילנות בכל שנה ווערט נמשך אַ כח חדש אויף נתעלה ווערן צו אַ דרגא שלא בערך נעלית יותר ווי בשנה שלפנ"ז (משא"כ די עליות במשך השנה זיינען בערך זה לזה).

און דער כח ווערט נמשך ביז ר"ה לאילנות בשנה הבאה, וואָס דעמולט באַקומט מען אַ נייעם כח צו נתעלה ווערן צו שלא בערך אַ העכערען שלב אין עבודת ההליכה מחיל אל חיל, ועשיית פירות.

ח. שבת שירה:

שבת שירה ווערט אַזוי אָנגערופן על שם שירת הים וואָס מ'לייענט בשבת זה (פ' בשלח[60]) – די שירה וואָס משה ובני ישראל האָבן געזאָגט אויף דעם נס פון קריעת ים סוף.

דער ענין פון קרי"ס האָט אויפגעטאָן אַ שלימות אין דער עבודה פון אידן – כידוע אַז קרי"ס איז געווען די שלימות פון יציאת מצרים, און אַ הכנה צו מתן תורה[61].

ובלשון החסידות – אַז קרי"ס האָט אויפגעטאָן דעם חיבור פון עלמא דאתגליא ועלמא דאתכסיא[62]. ובעבודה – דער גילוי פון העלם ועצם הנשמה.

---

56) סנהדרין יט, ב. הובא בפרש"י עה"פ במדבר ג, א.

57) איוב לב, ז.

58) ראה לקו"ת נצבים מז, א־ב. ר"ה נח, א־ב. עטרת ראש בתחלתו. ובכ"מ.

59) ראה ד"ה ארבעה ראשי שנים תשמ"ה.

60) טו, א ואילך.

61) ראה לקו"ש ח"ג ע' 698. ושי"נ.

62) ראה שער האמונה פנ"ב. ועוד. וראה ד"ה הפך ים ליבשה תשד"מ.

און דערפאַר איז שירת הים געווען אַן עבודה הכי נעלית — „שיר ורצוא דבחי' יחידה שבנפש שזהו בעצמות הנשמה ממש"[63].

און אויך אין דעם איז געווען די השפעה ניט בלויז צו אידן, נאָר אויך בכל העולם[64], כידוע אַז בשעת קרי"ס נבקעו כל מימות שבעולם[65].

ובפרטיות יותר: בסיום השירה שטייט[66] „מקדש אדנ־י כוננו ידיך ה' ימלוך לעולם ועד". וואָס דאָס גייט אויפן בית המקדש (דלעתיד[67]) — וידוע אַז דער תכלית השלימות פון עבודת ה־אדם און פון אַלע ענינים און כל העולם כולו — איז דער בית המקדש („מקדש אדנ־י") וואו ס'איז דאָ „ושכנתי בתו־כם"[68], וכדלקמן.

און בשבת שירה בכל שנה ושנה — ווען מ'לייענט מחדש שירת הים (מיט אַ ברכה לפני' ולאחרי') — חזר'ט זיך איבער דער ענין פון שירת הים, מיט דער שלימות אין עבודה וואָס דאָס באַ־דייט. ואדרבה — מצד „מעלין בקודש" איז דאָס אַ שירה חדשה, באופן חדש לגמרי בכל שנה ושנה.

ט. לויט דאָס אויבנגעזאָגטע איז פאַרשטאַנדיק די שייכות פון די אַלע פיר ענינים אין דעם שבת, און וואָס יע־דערער גיט צו אין דעם צווייטן:

אין אַלע ענינים איז אונטערשטראָכן אַז היינט הויבט זיך אָן אַ שנה חדשה און אַ תקופה חדשה וסדר חדש אין שלימות עבודת האדם — מצד דעם וואָס ס'איז: א) דער שבת נאָך אַ יום הילולא חדש, ווען עס ווערט אַן עלי' חדשה ושלא בערך אין דעם בעל ההילולא און (דורך אים אין) כל אנשי הדור, ב) חמשה עשר בחודש — ווען עס ווערט אַ שלי־מות חדשה אין ישראל שדומין ללבנה, ג) חמשה עשר בשבט — ווען עס הויבט זיך אָן אַ שנה חדשה אין צמיחה והליכה מחיל אל חיל, ד) שבת שירה — אַ שירה חדשה, וואָס באַדייט אַ שלימות חדשה אין עבודת (בעלי) השיר[69], שפיכות הנפש, נפש דכל וכללות עבודת האדם.

און אין די אַלע ענינים איז אויך אונ־טערשטראָכן — אַז נוסף צו דעם חידוש אין די אייגענע עבודה, קומט אויך צו אַ השפעה צו אַלע אַרום, כנ"ל.

ויש להוסיף אַ תוספת הדגשה בכל זה — מצד דעם חידוש בשנה זו, וואָס זי איז אַ שנת השמיטה, „שבת לה'"[70], און אַ שנה שהתחלתה וראשיתה איז מיט יו"ט של ראש השנה (וואָס פירט אָן מיט כל השנה) שחל להיות בשבת: ענינו פון שבת איז אַן עלי' („ויכולו") ושלימות חדשה בכל, כולל דכל עניני העבודה. וואָרום דע־מולט איז „כל מלאכתך עשוי'"[71] (מלאכת

63) ד"ה אז ישיר עזר"ת. תש"ז. ועי"ש המבואר שם, שזהו מה שאמר רשב"י (בעת הסתלקותו) בחד קטירא אתקטרנא כו' (זח"ב רפח, א) — יש לקשר זה עם תכלית השלימות דעבודת בעל ההילולא (דעשירי בשבת) ביום ההילולא שלו ובשבת שלאחריו.

64) נוסף על ההשפעה על מצרים.

65) מכילתא (הובא בפרש"י) פרשתנו יד, כא.

66) טו, יז־יח.

67) פרש"י עה"פ.

68) תרומה כה, ח.

69) (משנה שבת רפ"ה). תו"א קיג, א. מאמרי אדה"ז תקס"ח ע' קיג. וראה תו"א ז, ג. לקו"ת עז, סע"ג ואילך. ד"ה אז ישיר הנ"ל ספ"ב.

70) בהר כה, ב. שם, ד.

71) מכילתא ופרש"י יתרו כ, ט. טושו"ע (ודאדה"ז) או"ח סש"ז ס"ח (סכ"א).

האדמה בשנת השמיטה, וכל מלאכה ביום השבת), במילא האָט ער אַ ריבוי זמן צו אויסנוצן אויף עבודת ה' (לימוד התורה, עבודת התפלה וגמ"ח (מצות))[72], ומתוך תענוג, און באופן שלא בערך – ווי דער ערך פון שבת לגבי ימי החול.

עפ"ז איז מובן, אַז בשעת מ'שטייט אין אַ שבת בשנה זו, און נאָך אַ שבת שלאחרי יום ההילולא, וחמשה עשר בחודש, וחמשה עשר בשבט, ושבת שירה – איז אַ זמן המתאים אַז עס זאָל צוקומען אַ חידוש כללי בכל עניני העבודה.

און נאָכמער – ס'איז אַ הכרח אַז עס זאָל צוקומען אַ חידוש: היות אַז ס'איז אַזאַ יאָר און אַזאַ טאָג ווען מ'גיט אידן אַזוינע כחות חדשים, וכל מה שברא הקב"ה לא ברא דבר אחד לבטלה, איז אויב מ'נוצט ניט אויס די כחות ח"ו – גייען זיי אַוועק "לבטלה" ר"ל!

יו"ד. ובכללות:

אָנהויבנדיק פון היינטיקן טאָג, דער שבת נאָך אַ יום הילולא חדש, און ראש השנה לאילנות וכו' – זאָל באַ יעדער איד צוקומען אַ צמיחה והתגברות חדשה, און באופן פון שלא בערך, אין אַלע ענינים פון זיין עבודה, ובכללות – אין די שלשה עמודים (וועלכע זיינען כולל כל עניני עבודה) פון לימוד התורה, תפלה, און גמילות חסדים (מצות) – אַז מ'זאָל אין די אַלע זאַכן מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עוז מיט אַ שלימות חדשה.

און אין צוגאָב צו דער הוספה און חידוש באַ זיך אַליין – אויך אין הפצת התורה והיהדות און הפצת המעינות חוצה ביי אַנדערע אידן, און אויך הפצת שבע מצוות דבני נח באַ די ניט־אידן מיט וועמען מ'קומט אין באַרירונג.

יא. בהוספה אויף דעם חידוש כללי הנ"ל – איז מתאים אַז אין דער שנה ותקופה חדשה – זאָל צוקומען אויך אַ דבר חדש ממש בעבודת כאו"א מישראל[73].

בכדי וויסן אין וואָס עס באַשטייט די עבודה חדשה פון יעדער זמן – דאַרף מען זוכען און לערנען (אָפּלערנען) אין תורה, וואָס זי איז "תורה אור", אַ תורה וואָס ווייזט אָן ליכטיקע הוראות, און אין תורה גופא – אין דעם חלק וואָס מ'לייענט אין דעם זמן (התחלת תקופה זו) – שירת הים:

בסיום וחתימת השירה שטייט[66] "מקדש אדנ־י כוננו ידיך ה' ימלוך לעולם ועד".

"מקדש אדנ־י" (דער ביהמ"ק דלעתיד) איז אַן ענין כללי און תכלית השלימות פון אַלע ענינים, ועאכו"כ אין עבודת האדם – וואָרום דער תוכן פון עבודת האדם דאַרף זיין "ועשו[68] לי מקדש ושכנתי בתוכם"[74], "בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כאו"א"[75], מאַכן באַ זיך, אין זיך אַ כלי ומקום ראוי פאַר השראת השכינה, ובכללות יותר – גייט דאָס אויף די עבודה פון מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים[76], וואָס אין דעם באַ־

---

72) ראה ספורנו ר"פ בהר.

73) בהבא לקמן – ראה מכתב דימים בין יו"ד שבט וט"ו בשבט ש.ז. (לקמן ח"ב בהוספות).

74) שהוא ציור כללי הכולל המשכן, ובית ראשון שני ושלישי (ראה רמב"ם ר"ש הל' בית הבחירה).

75) ראה של"ה שכה, ב. שכו, ב. ועוד. וראה רד"ה באתי לגני הש"ת.

76) ראה תנחומא נשא טז. ועוד. וראה תניא רפל"ו. ובכ"מ.

שטייט דער תכלית וכוונה פון גאַנץ בריאת העולם — נתאוה הקב"ה להיות לו יתברך דירה בתחתונים[76], דורך תורה ומצוות, תורה עבודה וגמילות חסדים.

און וויבאַלד אַז דאָס איז אַזאַ ענין כללי, מוז מען זאָגן אַז דאָס איז אַן ענין נצחי בכל הזמנים ובכל המקומות[77] אויך בזמן הגלות לאחרי חורבן ביהמ"ק.

נוסף לזה וואָס יעדער דבר חשוב דאַרף האָבן אַ הכנה[78], עאכו"כ דער ביהמ"ק (השלישי) — במילא מוזן אידן איצטער מאַכן אַ הכנה מתאימה צו דעם ביהמ"ק השלישי. און ניט בלויז אַ הכנה אַז עס זאָל ניט זיין „השוכן אתם בתוך טומאתם"[79], נאָר בטהרתם, און נאָכמער בקדושתם[80], יעדער איד „בתוכו" ווערט אַ מקום הראוי פאַר בית המקדש, בית קדושה[81] (דורך דעם וואָס ס'איז דאָ די הכנה פון „ויקחו לי[82] — לשמי"[83] די י"ג[84] (ט"ו[85]) דברים פאַרן משכן ומקדש) — נאָר נאָכמער: מ'מאַכט אויך אַ הכנה וכלי פאַר דעם ביהמ"ק עצמו, דורך בויען אַ מקדש מעט, און „בית" מעין מקדש מעט זה.

וואָס דערפאַר זאָגן חז"ל, אַז לאחרי חורבן ביהמ"ק גיט מען אידן די מעג־לעכקייט [נוסף אויף טאָן די עבודות פון ביהמ"ק (בעבודה רוחנית) — תפלות ב־מקום קרבנות תקנום[86]]:

„מיום שחרב בית המקדש אין לו להקב"ה בעולמו אלא ד' אמות של הל־כה בלבד"[87]. „ואהי' להם למקדש מעט[88] — אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות"[89]. „והשמותי את מקדשיכם"[90], מקדש מקד־שי מקדשכם לרבות בתי כנסיות ובתי מדרשות"[91]. „בית גדול[92] — בית שמגד־לין בו תורה, בית שמגדלין בו תפלה"[93].

ד.ה. אַז דורך אויפשטעלן אַ ביהכנ"ס און ביהמ"ד בזמן הגלות — אַ בית (דהיינו — לא אוהל אלא) קבוע וואָס איז ספּעציעל געווידמעט צו תפלה, אָדער תורה — מאַכט מען אויף אַ „מקדש מעט", וואָס איז מעין דעם ביהמ"ק ש־חרב, וועלכער איז מעין והכנה פון ביהמ"ק השלישי, „מקדש אדנ־י", ע"י שעושה תורתו (שהיא במקום ביהמ"ק) קבע — „הקובע מקום לתורתו"[94] — „ע"ז ממשיך מבחי' דירת קבע של הקב"ה כביכול"[95], ועד"ז בנוגע צו תפלה[96] — „הקובע מקום לתפלתו"[97].

---

77) נוסף על זה שכל התורה היא נצחית (תניא רפי"ז. ובכ"מ), ועאכו"כ שירת הים בתושב"כ, ועאכו"כ בענין זה גופא שבו מודגש „ה' ימלוך לעולם ועד".

78) ראה ביצה ב, ב. וראה אנציקלופדיי תלמודית ערך הכנה. וש"נ.

79) אחרי טז, טז.

80) ראה ע"ז כ, ב (ולפי כמה גירסאות הוא גם בסיום מס' סוטה): טהרה מביאה לידי קדושה.

81) פרש"י תרומה כה, ח.

82) תרומה שם, ב.

83) פרש"י ר"פ תרומה.

84) תנחומא תרומה ה. שהש"ר פ"ד, יג. פרש"י ודעת זקנים מבעה"ת ר"פ תרומה. זח"ב קמח, א.

85) בחיי עה"פ תרומה שם, ז. כלי יקר עה"פ שם, ג. וראה זח"ב קלה, א.

86) ראה ברכות כו, ב. ב"ר סח, יא. ועוד.

87) ברכות ח, א. וראה זח"ג רסז, א.

88) יחזקאל יא, טז.

89) מגילה כט, א.

90) בחוקותי כו, לא.

91) תו"כ עה"פ שם. וראה משנה מגילה כח, א.

92) מ"ב כה, ט.

93) מגילה כז, א.

94) גירסת הרי"ף בברכות ז, סע"ב.

95) אוה"ת ויגש שנ, א.

96) אוה"ת שם.

97) ברכות שם. וראה לקו"ת תבוא סד"ה תחת (מג, סע"א).

ובפרטיות יותר — ווערט דאָס אויפגעטאָן דורך מאַכן אַ בית קבוע פאַר תורה, תפלה און גמילות חסדים (די שלשה עמודים שעליהם העולם עומד) — „פי' העולם עומד שע"י שלשה עמודים דברים אלו ממשיכים דירת קבע של הקב"ה כו'"[98].

וואָס דעריבער האָט מען מציע געווען לאחרונה[99] — אַז מ'זאָל זיך ספּעציעל משתדל זיין אויפשטעלן בכל מקום ומקום וואו עס געפינען זיך אידן אַ „מקדש מעט", אַ בית תורה, תפלה ו־גמ"ח[100], ומה טוב — אַ בית פון אַלע דריי ·זאַכן צוזאַמען, וואָס דעמולט איז יעדערער פון די דריי קוים מוסיף אין דעם צווייטן און דריטן.

ובפשטות: מ'זאָל האָבן אַ בית קבוע וואו יעדער איד וואָס געפינט זיך במקום זה זאָל קענען דאָרט אַריינגיין לערנען תורה, מתפלל זיין להקב"ה, און געבן גמ"ח וצדקה.

ונוסף לזה — זאָל דאָס אויך זיין אַ בית שממנה יוצאה אורה לכל הסביבה ולכל העולם כולו (בדוגמת כביכול הביהמ"ק)[101], דאָס באַלייכט די גאַנצע שטאָט מיט תורה עבודה וגמילות חסדים, פאַר אַלע אידן אַרום.

ביז אַז דאָס ווערט בדוגמת (דעם ביהמ"ק —) „ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים"[102] — אַז דאָס איז משפיע אויך אויף בני נח — בנוגע זייערע ז' מצוות [בדוגמא ווי דער ביהמ"ק האָט מגין געווען אויף די אוה"ע[103]].

און דערצו האָט מען אויך מציע געווען[104] — אַז נוסף לזה וואָס מ'שטעלט אויף אַ „מקדש אדנ־י" מעט כללי וציבורי — זאָל יעדער איד, אנשים נשים וטף, דאָס טאָן בביתו הפרטי, בחדרו הפרטי, ברשותו הפרטית, בד' אמות שלו הפרטיים: מאַכן פון און אין זיי אַ „בית תורה, תפלה וגמ"ח", ד.ה. אַז בכל יום ויום זאָל דאָרטן זיין אַן ענין פון לימוד התורה, אַ תפלה לה', און נתינת גמ"ח אָדער צדקה[105].

און אויך — אין די אייגענע כחות הנפש, ומחשבה דיבור ומעשה — אַז ער מאַכט אַ „מקדש אדנ־י", אַ „בית" קבוע פון אַלע זיינע כחות הנפש ומחשבה דיבור ומעשה שלו פאַר תורה, תפלה וגמילות חסדים[106].

יב. ובהמשך לזה — איז מען מציע אַן ענין חדש אויף וועלכע מ'זאָל באַשטימען דעם קומענדיקן יאָר:

ביז איצטער איז דער ענין פון הקמת „בית תורה, תפלה וגמ"ח" — געווען איין ענין צווישן אַ סך אַנדערע ענינים של הוספה בתומ"צ.

שטייענדיק איצטער באַ די התחלה

98) אוה"ת שם. וראה המשך הענין שם.

99) וראה בארוכה שיחת ש"פ נח (לעיל ע' 44 ואילך). ושי"נ.

100) ובכחות הנפש — הם כנגד חכמה בינה ודעת, היינו „בית חב"ד" (ראה בארוכה לעיל ע' 44).

101) רש"י כת"י מנחות פו, ב.

102) ישעי' נו, ז.

103) ראה במדב"ר פ"א, ג.

104) שיחות: נר ה' (לעיל ע' 77 ואילך), נר ו' (לעיל ע' 9־188), ונר ז' — דחנוכה (לעיל ע' 194). ועוד.

105) וביום השבת — ע"י הפרשת „משנה" (פרשתנו טז, כב בנוגע למן) לצדקה בערב שבת, או ע"י הכנסת אורחים בשבת וגדולה לגימה שמקרבת (ראה סנהדרין קג, סע"ב ואילך), או ע"י לימוד התורה ובפרט בעניני צדקה, וכיו"ב.

106) ראה בארוכה שיחות ש"פ נח (לעיל ע' 45 ואילך).

פון אַ שנה חדשה ותקופה חדשה (כנ"ל), און בשבת שירה, ווען עס ווערט נתחדש מחדש דער ענין השירה, אַ שירה חדשה [דורך אַלע אידן, אנשים ונשים, „משה אמר שירה לאנשים הוא אומר והם עונין אחריו, ומרים אמרה שירה לנשים"[107]], כולל דעם פסוק און ענין פון „מקדש אדנ־י כוננו ידיך" —

איז כדאי ונכון ביותר, אַז מ'זאָל באַשטימען דעם קומענדיקן יאָר אַלס אַ זמן וואָס זיין הויפּט עבודה און עבודה עיקרית, זאָל זיין צו אויפשטעלן אַ „מקדש מעט", בית תורה תפלה וגמ"ח בכל מקום ומקום, יעדער איד אין ביתו וחדרו הפרטי וד' אמות שלו הפרטיים.

ד.ה. אַז דאָס זאָל ניט זיין נאָך אַ זאַך צווישן אַנדערע עניני עבודה, נאָר דאָס זאָל זיין די עבודה עיקרית ועבודה ראשית פון דעם קומענדיקן יאָר. ובלשון הידוע — מצוה דהוי „זהיר טפי"[108], ובלשון הקבלה והחסידות[109] — דער „שער", דורך וועלכע אַלע אַנדערע עניני תומ"צ זיינען דעמולט עולה[110].

מובן ופשוט, אַז דער ענין (דהוי זהיר טפי) איז ניט ח"ו גורע פון שאר הענינים, אדרבא מ'דאַרף מוסיף זיין אַ התגברות חדשה אין אַלע ענינים עבודה, נאָר אין דעם גופא דאַרף זיין די הדגשה מיוחדת בנוגע צו דעם ענין דהוי זהיר טפי. ואדרבה: וויבאַלד אַז דאָס ווערט דער „שער" אויף אַלע אַנדערע ענינים — איז יעדער הוספה וחידוש אין דעם „שער", גיט צו אַ הוספה וחידוש אין אַלע עניני עבודה.

יג. נאָך אַ נקודה עיקרית אין דעם — בנוגע צו דעם תפקיד מיוחד פון אידישע קינדער אין די עבודה:

באַ שירת הים (שבת שירה) געפינט מען אַ שייכות מיוחדת מיט קליינע קינדער:

דער בעל ההילולא האָט דערציילט בשבת פ' בשלח, שבת שירה תש"ב[111], אַז דער מהר"ל מפראג [וואָס ער איז געווען אַ מייסד ומבסס ומפיץ פון מנהגי ישראל] האָט קובע געווען אַ מנהג

— והלואי אַז מ'וואָלט דאָס איינגעפירט מחדש בכל קהילות ישראל איצטער —

אַז די וואָך פרשת בשלח פלעגט ער הייסן אַלע מלמדי דרדקי און אַלע עלטערן וואָס האָבן קליינע קינדער[112] פאַרזאַמלען די קינדער בשבת שירה אויפן שוהל־הויף, און פלעגט הייסן די מלמדים דערציילן די קינדער דעם סיפור פון קריעת ים סוף, ווי די פייגעלעך האָבן געזונגען און געטאַנצט בשעת משה און אַלע אידן, מענער און פרויען, האָבן געזונגען די שירה פון אז ישיר, און די קליינע קינדערלעך, האָבן געריסן פירות פון די ים בוימער[113] און

107) פרש"י ד"ה ותען להם מרים — פרשתנו טו, כא. ממכילתא עה"פ.

108) ראה שבת קיח, ב. וראה אגה"ק סוס"ז. וידוע הפירוש ד„זהיר" — געלייכט (סה"מ תש"ח ע' 240).

109) ראה לקו"ד ח"ד תשמז, ב. ס' השיחות ה'ש"ת ע' 22. ובכ"מ.

110) בדוגמא לזה שכל זמן ויום יש לו עבודה מיוחדת שלו, שהוא ה„שער" לשאר כל הענינים. כמו בתגה"פ ה„שער" הוא הענין ד„זמן חירותנו", ספירת החסד; חגה"ש — „זמן מתן תורתנו", ספירת הגבורה; חגה"ס — „זמן שמחתנו", ספירת התפארת; וכיו"ב.

111) ס' השיחות תש"ב ע' 73 ואילך.

112) והכוונה היא לילדים ולילדות — כדמוכח מקרי"ס.

113) ראה שמו"ר פכ"א, י: „היתה בת ישראל

געשפייזט די זינגענדיקע און טאַנצנדי־קע פייגעלעך.

דער מהר"ל פלעגט הייסן געבן די קליינע קינדער קאַשע, זיי זאָלן וואַרפן די הינער[114] און פייגעלעך, אַ זכרון צו די ים פירות וואָס די קליינע קינדערלעך האָבן געשפייזט די פייגעלעך. נאָכדעם פלעגט דער מהר"ל בענטשן אַלע קינ־דערלעך, אויך די עלטערן אַז זיי זאָלן דערציען זייערע קינדער לתורה חופה ומעשים טובים. ע"כ.

ויש לומר ולקשר זה מיט דברי חז"ל[115] אַז „כשנגלה הקב"ה על הים (ב־שעת קרי"ס) הם הכירוהו תחלה, ש־נאמר[116] זה א־לי ואנוהו". די קינדער וועלכע דער אויבערשטער האָט גע־שפייזט אין מצרים („ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור"[117]) זיינען געווען די ערשטע צו דערקענען דעם אויבערשטן, ווייל „ראו שכינתו כבר"[118].

און דער „הכירוהו" אין „נגלה הקב"ה על הים" — איז געווען אַ גילוי הכי נעלה, עד כדי כך אַז ראתה שפחה על הים מה שלא ראו נביאים, יחזקאל כו'"[119].

און דאָס האָט געבראַכט אַז זיי (די קינדער) זאָלן ברייננגען צום זאָגן — שירה „תחלה", כדאיתא במדרש[120] „מי אמר קילוס להקב"ה — התינוקות, אותן שהי' פרעה מבקש להשליך ליאור שהם מכירין להקב"ה (מצד דעם וואָס דער אויבערשטער אַליין האָט זיי געשפייזט אין מצרים) כו', בחור אחד נאה ומשובח הי' יורד ועושה לנו כל צרכינו כו', וכיון שבאו ישראל לים היו אותן התינוקות שם והם ראו להקב"ה בים התחילו אומרים לאבותיהם זהו אותו שהי' עושה לנו כל אותן הדברים כשהיינו במצרים כו'".

יד. לויט דעם קומט אויס, אַז די קינדער[121] זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבן געבראַכט צום זאָגן שירת הים, כולל דעם פסוק „מקדש אדנ־י כוננו ידיך".

און בשבת שירה בכל שנה ושנה — ווערט נתחדש אין דער שירה חדשה אויך דער עיקר, אַז די קינדער „הכירוהו תחלה", און צום ברייננגען זינגען שירת הים „תחלה".

דעריבער איז אַ דבר המתאים ונכון — אַז אין די עבודה במשך דעם קומענדיקן יאָר פון אויפבויען אַ „מקדש (אדנ־י) מעט" — זאָל מען לייגן אַ ספּעציעלע הדגשה אַז קינדער, אינגעלעך און מיי־

---

עוברת בים ובנה בידה ובוכה ופושטת ידה ונוטלת תפוח או רמון מתוך הים ונותנת לו כו'".

114) ראה שו"ע או"ח סשכ"ד ס"י־יא וסשמ"ג ובנ"כ. ספר תוספת שבת (הובא באורחות חיים סשכ"ד).

115) סוטה יא, ב.

116) פסחים טו, ב.

117) האזינו לב, יג.

118) פרש"י ד"ה הם הכירוהו — סוטה שם.

119) מכילתא ופרש"י טו, ב. ועוד.

120) שמו"ר פכ"ג, ח.

121) ואף ש„תינוקות" אלו היו כבר גדולים בשנים (עד לשמונים שנה) בעת קרי"ס (כי הנס ד„וינקהו דבש מסלע גו'" התחיל שמונים שנה לפני יצ"מ וקרי"ס), וא"כ מהו הקשר עם סיפור הנ"ל שהתינוקות זרקו פירות להעופות בעת קרי"ס?

כי: ההכרה שלהם בהקב"ה הי' כפי שהי' נראה לעיני התינוקות בהיותם בשדה במצרים („בחור אחד נאה כו'"). ולהעיר מההלכה דמעידין בגדלותם מה שראו בקטנותם (משנה כתובות כח, א. רמב"ם הל' עדות פ"ז ה"ב. פי"ד ה"ג). ועפ"ז מובן, שהתינוקות ממש שראו הקב"ה בים (שהרי כולם ראו אותו, ורק שאלו שהיו במצרים „הכירוהו תחלה") ראו אותו כפי שהוא ניכר לתינוקות, בדיוק כמו לאלו ש„הכירוהו תחלה".

דעלעך, זאָלן אין דעם נעמען אַ הויפּט־איינטייל:

יעדער אידיש קינד, אַן אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, זאָל מאַכן פון זייערע ד' אמות, פון זיין חדר, זיין בעטל, זיין טישל וכיו"ב [יעדער קינד האָט דאָך זיינע ד' אמות, און ע"פ רוב, ובפרט במדינה זו, האָט דאָך יעדער קינד אויך אַ חדר, עכ"פ אַ טישל וכיו"ב] — אַ „בית קבוע", בית תורה תפלה וגמ"ח, וואו יעדער טאָג לערנט ער דאָרט תורה, זאָגט אַ תפלה לה', גיט צדקה, אין אַ צדקה פושקע וכיו"ב,

און דערצו לאַדט ער אויך איין זיינע חברים (און מיידעלעך — זייערע חבר־טעס) צו זיך אין צימער, און איז מיט זיי צוזאַמען מקיים די אַלע זאַכן.

און איז אויך משפיע אויף זיי — אַז זיי זאָלן אויך אַזוי טאָן.

ויש להוסיף בזה (ווי גערעדט אַמאָל בארוכה[122]):

בכדי צו צוגעבן אין דעם חיזוק און קביעות הדבר — זאָל יעדער אידיש קינד האָבן, באַקומען זיין אייגענעם סי־דור (תפלה), אייגענעם חומש (אָדער אַן אַנדער ספר של תורה), און להבדיל, אַן אייגענע צדקה־פושקע [און אָנשרייבן דאָרט (אויף דעם בלעטל וואָס קומט נאָך איידער עס הויבט זיך אָן דער סי־דור) „לה' הארץ ומלואה"[123] (אָדער אין אַ ר"ת — „לה"ו") און זיין נאָמען, כמנהג ישראל].

וואָס דאָס וועט נאָכמער צוגעבן אין זיין קביעות צו מקיים זיין די דריי עני־נים, האָבנדיק באַ זיך זיין אייגענעם סידור אין וועלכן ער קען זאָגן אַ תפלה, אַן אייגענעם חומש אין וועלכן ער קען לערנען אַן ענין בתורה, אָדער לערנען אל"ף־בי"ת,

[כמנהג ישראל אַז מ'הויבט אָן לערנען מיט אַ קינד (צום אָפּשערעניש, אָדער יעדער קינד לפום שיעורא דילי') אל"ף־בי"ת ניט בלויז פון אַ לוח וואו עס געפי־נען זיך נאָר די אותיות אַליין, נאָר פון די אותיות פון אל"ף־בי"ת ווי זיי זיינען געדרוקט אין אַ ספר של תורה, אין וועלכן מ'קען לערנען תורה; און באַ חסידים איז געווען אַ מנהג — צו לער־נען אל"ף־בי"ת פון דעם „שער־בלאַט" פון ספר התניא[124].

און דערצו באַדעקט (שמירט) מען נאָך אָן דברים מתוקים, בכדי דער קינד זאָל דאָס אַ קוש טאָן בגשמיות און עסן, במילא — אויך אַ קוש טאָן און ותורתך בתוך מעי[125] ברוחניות].

און אַן אייגענע צדקה־פושקע — אין וועלכע ער לייגט אַריין פון זיינע אייגענע געלט[126] (וועלכע די עלטערן גיבן אים, אָדער ער באַקומט אַלס פרס פאַר שקידה בתורה וכיו"ב).

---

122) שיחת ב' אלול תשל"ז (לילדי מחנות קיץ ש"י) — לקו"ש חי"ד ע' 279־280.

123) לשון הכתוב — תהלים כד, א. וראה שבת קיט, א. צוואת ר"י החסיד אות מז (סמ"ך). ומש"כ בדמשק אליעזר (לשם) שלא ליכתוב פסוק שלם (עפמש"כ בתוד"ה יתר קידושין ל, א) — הרי אין זה פסוק שלם וגם משנה וכותב „לה"". ופוק חזי מאי עמא דבר, דכו"כ נהגו לכתוב כן בספריהם. — ולהעיר מהנוהג בכו"כ אסיפות דיו"ש לכתוב „ברוך הבא בשם ה'".

124) כידוע שאדה"ז כתב גם ה„שער בלאַט" — „ספר . . בעזהי"ת" (ראה גם לקו"ש חי"ז ע' 519).

125) ראה תניא פ"ה.

126) שיכול לקנות בו חיי נפשו (תניא פל"ז).

און אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן גאָר אַ קליין קינד, קודם שיתחיל לדבר, אפילו אַ תינוק בן יומו — זיינען די הור־אות הנ"ל שייך אויך צו אים (סיי מאַכן אַ „בית" תורה תפלה וגמ"ח, און סיי האָבן, געבן אים אַן אייגענעם סידור, חומש און צדקה־פושקע), ווייל ער האָט שוין זיינע ד' אמות — דורך דעם וואָס זיינע על־טערן (אָדער ברידער אָדער שוועסטער) הענגען אויף לעבן אים „שיר המעלות" וכיו"ב (תורה)[127], און לערנען אָן עניין אין תורה (אין זיין חומש) פאַר אים[128], און זיינען מתפלל תפלות וברכות (אין זיין סידור) צוליב אים און אויף אים, און גיבן צדקה לזכותו (אין זיין צדקה־פושקע).

און דורך דעם וואָס מ'איז זיך אין דעם משתדל „תחלה" מיט די קינדער (בהתאם לזה וואָס „הם הכירוהו תחלה") — וועט אויך צוקומען אין דעם באַ זייערע עלטערן, „והשיב לב אבות על בנים — על ידי בנים"[129],

ווי מ'זעט במוחש אַז ס'איז לייכטער משפיע זיין אויף קינדער, וואָרום זיי כאַפּן זיך צו צו ענינים חדשים מיט אַ התפעלות; און מ'זעט אויך, אַז דורך זיי קומט צו אויך אין די התפעלות פון די עלטערן.

טו. ויה"ר אַז דורך די הוספה אין „מפי[130] עוללים ויונקים יסדת עוז" — „אין עוז אלא תורה"[131] — וועט עס נאָכ־מער ממהר זיין דעם „להשבית אויב ומתנקם", „דידן נצח"[132] אין אַלע זאַכן וועלכע זיינען „אויב ומתנקם", ביז אין אַן אופן אַז עס בלייבט ניט איבער קיין שום רושם כלל פון אַ דבר המנגד, און דאָס ווערט אויפגעטאָן בדרך שלום, דורך „אין עוז אלא תורה", וואָס דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום[133], וכסיום ה־משניות — „לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה אלא השלום, שנאמר[134] ה' עוז (אין עוז אלא תורה) לעמו יתן ה' יברך את עמו בשלום",

ביז צו דער שלימות בזה — כולל ה־גליות מתכנסות בזכות המשניות[135] — בגאולה האמיתית והשלימה, כמ"ש[136] „ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", און עס וועט זיין „ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו"[137].

און פון „זה א־לי ואנוהו" בשירת הים קומט מען צו „עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים וכל אחד ואחד מראה באצבעו שנאמר[138] ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה' קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו", כסיום מסכת תענית (דער גמר וסיום פון כל עניני תעניות וצומות און — סיבתם[139]).

---

127) ראה שיחת י"ט כסלו (לעיל ע' 146) ובהנסמן בהערה 1 שם.

128) שהרי גם תינוק בן יומו יורש כל התורה כולה (ראה משנה נדה מג, סע"ב. רמב"ם הלכות נחלות ספ"א. וראה שם ה"ג).

129) מלאכי ג, כד ובפרש"י שם.

130) תהלים ח, ג.

131) ראה ויק"ר פל"א, ה. יל"ש פרשתנו רמז רמד. שהש"ר פ"ב, ג (ג). מדרש תהלים עה"פ. ועוד.

132) ראה ויק"ר פכ"ד, ג.

133) משלי ג, יז. וראה רמב"ם סוף הל' חנוכה.

134) תהלים כט, יא.

135) ויק"ר פ"ז, ג. וראה לקו"ת ר"פ דברים סד"ה ציון במשפט תפדה.

136) זכרי' יג, ב.

137) ישעי' מ, ה. וראה תו"א ר"ש פרשתנו.

138) ישעי' כה, ט.

139) להעיר מסיום הל' תעניות להרמב"ם.

בקיום היעוד „רצית[140] ה' ארצך"[141], „הראנו ה' חסדך וישעך תתן לנו", „לשכון כבוד בארצנו", „וארצנו תתן יבולה",

און מ'וועט עסן פון די פירות שנשתבחה בהם ארץ ישראל, און דאָרטן גופא – פון די „עצי ירושלים"[142] אין ירושלים עיר הקודש, און דאָרטן גופא – פון די פירות וואָס וועלן וואַקסן ביהמ"ק השלישי, כמאחז"ל[143] „כשבנה שלמה ביהמ"ק צר בו כל מיני אילנות ובשעה שאילנות שבשדה עושים פירות אלו שבבית עושים פירות כו', לעתיד לבוא הקב"ה חוזר אותם כו'".

ובמהרה בימינו ממש, ומתוך שמחה וטוב לבב.

140) תהלים פה, ב. שם, ח־י.

141) דשייך לשמיטה, קביעת שנה זו (מדרש תהלים עה"פ).

142) שבת סג, רע"א.

143) שהש"ר פ"ג, ח [ג]. והם אילנות ופירות שאכלו מהם (ראה פי' מהרז"ו שם). וראה יומא כא, ריש ע"ב. לט, ב (ושם: „מגדים של זהב", ובחדא"ג מהרש"א שם – שהפירות היו מזהב ולא לאכילה). ירושלמי שם פ"ד סוף ה"ד. תנחומא תרומה יא.

## משיחות ש"פ משפטים, מבה"ח וער"ח אדר, פ' שקלים, ה'תשמ"ז

א. שבת מברכים חודש אדר צייכנט זיך אויס פון אנדערע שבתים פון יאר מיט צוויי זאכן:

א) ער בענטשט חודש אדר, וואס זיין יום טוב'דיקער אינהאלט איז — חג הפורים. נאכמער: דער נס פורים האט א ווירקונג אויף דעם גאנצן חודש (אנ־הויבנדיק פון ראש חודש אדר), ווי עס שטייט[1] „החודש אשר נהפך להם".

ב) מערסטע יארן (ווי היי־יאר) לייענט מען דעמולט פרשת שקלים[2]. ווארום אין דער צייט פון בית המקדש איז יעדער איד געווען מחוייב געבן יעדן יאר א מחצית השקל פאר די קרבנות ציבור[3], און „באחד באדר משמיעין על השקלים"[4], דעריבער האט מען גע־לייענט פרשת שקלים, כדי מודיע זיין צו ברענגען די שקלים. און אלס זכר למקדש איז אזוי אויך געבליבן בזמן הזה[5], אז מ'לייענט פ' שקלים בשבת מברכים אדר.

ולהוסיף, אז אויך — מעין עצם ענין פון נתינת מחצית השקל איז פאראן בזמן הזה (אע"פ וואס דער ציווי איז בזמן שבית המקדש הי' קיים[6]) — ווי מנהג ישראל[7] „ליתן קודם פורים מחצית מן המטבע הקבוע באותו מקום ובאותו זמן, זכר למחצית השקל שהיו נותנין באדר"[8].

און די צוויי ענינים אין שבת מברכים אדר איז נאך שטארקער אונטער־שטראכן היינטיקן יאר — ווען שבת מברכים אדר איז „מחר חודש", ד. ה. אז פון שבת גייט מען גלייך אריין אין (מוצאי שבת) — ראש חודש אדר. און נאכמער: שוין בתפלת המנחה פון שבת זאגט מען ניט קיין „צדקתך צדק"[9] ווייל מחר חודש. און נאך פריער — זאגט מען אין דער הפטרה פון שבת די (צוויי) פסוקים פון הפטרת מחר חודש. בא־ווייזט עס, אז שוין אין דעם שבת פ' שקלים, הויבן זיך אן עניני חודש אדר.

ב. די צוויי אויבנדערמאנטע זאכן בשבת מברכים אדר (פורים און פרשת שקלים) — האבן צווישן זיך א שייכות, ווי די גמרא זאגט[10]: „גלוי וידוע לפני מי שאמר והי' העולם שעתיד המן לשקול שקלים על ישראל לפיכך הקדים

---

1) אסתר ט, כב. ובירושלמי (מגילה פ"א ה"א. שו"ע או"ח סתרפ"ח ס"ז): כל החודש כשר לקריאת המגילה כו' והחודש אשר נהפך להם כו' (וברמ"א או"ח שם: והכי נהוג). אלא שבנוגע למקרא מגילה בלבד ולא יעבור ט"ו בו. וראה לקו"ש חי"א ע' 342 בהערה ד"ה מחרת יום הפורים.

2) מלבד כשחל ר"ח אדר בשבת שאז קורין בפרשת שקלים — משנה וגמרא מגילה כט, א ואילך. רמב"ם הל' תפלה פי"ג הכ"ג. טושו"ע או"ח סתרפ"ה ס"א. וראה בכ"ז אנציקלופדי' תלמודית (כרך ב) ערך ארבע פרשיות ע' קסד ואילך. וש"נ.

3) ראה שקלים רפ"ד. רמב"ם הל' שקלים רפ"ד.

4) שקלים פ"א מ"א. מגילה שם, סע"א. רמב"ם שם פ"א ה"ט.

5) חינוך מצוה קה.

6) שקלים פ"ח מ"ח. רמב"ם שם ה"ח.

7) אשר תורה הי' — ראה תוד"ה נפסל — מנחות כ, ב. מהרי"ל הובא ברמ"א יו"ד סשע"ו ס"ד. ועוד.

8) רמ"א או"ח ר"ס תרצד — ממהרי"ל.

9) מג"א או"ח סרצ"ב סק"ג. שו"ע אדה"ז שם ס"ז.

10) מגילה יג, סע"ב.

שקליהן לשקליו דתנן באחד באדר משמיעין על השקלים כו'״.

דאַרף מען פאַרשטיין: וואָס איז די שייכות אין אינהאַלט צווישן „שקליהן״ פון אידן בחודש אדר און יעדן יאָר מיט „שקליו״ של המן; און אין וואָס באַשטייט דער כח פון די שקלים פון אידן צו מבטל זיין גזירת המן?

ויש לומר איינע פון די ערקלערונגען אין דעם — אַז מחצית השקל און פורים ברענגען ביידע אַרויס דעם פנימיות'דיקן פאַרבונד צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, און ספּעציעל — מיט כביכול דעם אידישן גוף און אידישע גשמיות.

ג. וועט מען עס פאַרשטיין בהקדמה דער ביאור אין דעם אינהאַלט פון גזירת המן און נס פורים:

ס'איז באַוואוסט דער אונטערשייד צווישן פורים און חנוכה, אַז די גזירה פון די יוונים איז געווען ניט אויף די גופים פון אידן, נאָר אויף זייערע נשמות און רוחניות — „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך״[11], משא״כ גזירת המן הרשע איז געווען (בעיקר) אויף די גופים פון אידן, „להשמיד[12] להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים״[13].

וואָס דערפאַר איז אויך דער אונטערשייד, אַז די גזירה פון די יוונים איז ניט געווען אויף אַלע אידן גלייך, וואָרום די גזירה איז ניט געווען אויף די גופים, נאָר אויף זייער דת, האָט זיך דאָס געמאָסטן לויט אַ אידן'ס איבערגעגעבנקייט צו „תורתך״ און „חוקי רצונך״, משא״כ גזירת המן איז געווען אויף אַלע אידן גלייך, „כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים״, וואָרום דאָס איז געווען בכדי מאבד זיין זייערע גופים, זייער עצם עקזיסטענץ אַלס אידן ר״ל (ניט קוקנדיק אויף די דרגא פון גילוי הנשמה), וואָס אין דעם זיינען אַלע אידן גלייך.

און דעריבער איז די עצה אויף אַראָפּנעמען די גזירה געווען — „לך כנוס את כל היהודים״[14], פאַראייניקן אידן, און ניט נאָר אַ גייסטיקע פאַראייניקונג ברוחניות, נאָר אויך ובעיקר — אַ גשמיות'דיקע פאַראייניקונג פון די גופים, מ'זאָל זיך צוזאַמענקלייבן בפשטות, און וצומו[15] — דער גוף זאָל ניט עסן, מיעוט חלבו ודמו[16], און פאַרשטאַרקן פון־דאָס־ניי קבלת התורה והמצוות אַלס נשמות בגופים דוקא.

ד. ה. אַז דער תוכן פון פורים איז — דער הצלה און נצחון פון דעם גוף פון אַ אידן, און פון אַלע אידן.

און דערפאַר טיילט זיך אויס פורים פון חנוכה דערמיט וואָס ער איז אַ „יום משתה ושמחה״[17] — אַ סעודה ושמחה גשמית[18], וואָס איז אויך פאַרבונדן מיט

---

11) ב„ועל הנסים״ דחנוכה. וראה הנסמן בהערה 13.

12) אסתר ג, יג.

13) ראה לבוש הובא בב״ח וט״ז או״ח ר״ס עת״ר: בפורים הי׳ הצלת נפשות ובחנוכה לא הי׳ הצלת נפשות כי היונים לא בקשו נפשות רק ההכנעה והעברת הדת. וראה סה״מ תרפ״א ע׳ קצא. תש״ח ע׳ 118.

14) אסתר ד, טז. וראה מנות הלוי (לר״ש אלקבץ) עה״פ.

15) אסתר שם.

16) ראה ברכות יז, א. זהר פרשתנו קיט, ב.

17) אסתר ט, יז־יח.

18) ראה רמב״ם הל׳ מגילה פ״ב הט״ו. לבוש או״ח סתרצ״ה ס״א. שו״ע או״ח שם ובנ״כ. וראה בהמצויין לעיל הערה 13. לקו״ש ח״א ע׳ 336 ובהערות שם.

אַן אחדות בגשמיות, ווי באַוואוסט אַז אַן אמת'ע שמחה איז דוקא בשעת מ'פראַ־וועט איר צוזאַמען מיט אַנדערע[19]. און אַזוי אויך די אַנדערע מצוות פון פורים זיינען פאַרבונדן ספּעציעל מיט אחדות דורך דברים גשמיים — „משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים"[20].

ד. ויש לומר בדרך אפשר דעם טעם אויף דעם (וואָס פורים באַדייט דער הצלה און נצחון פון די גופים פון אידן) — לויט דעם וואָס די גמרא[21] זאָגט אויפן פסוק[22] „קיימו וקבלו היהודים", אַז בימי הפורים „קיימו מה שקבלו כבר" בּאַ מתן תורה:

דער אויפטו פון מתן תורה איז געווען (חאָטש אברהם זקן ויושב בישיבה, און אַזוי אויך יצחק ויעקב וכו'[23]): נתינת התורה דוקא למטה אין עולם הזה הגשמי צו נשמות בגופים[24], און ניט אין אַן אופן אַז מ'האָט אויפגעהויבן דעם תחתון וגוף גשמי למעלה[25], נאָר דער אויבערשטער האָט געוואָלט דוקא „וירד ה' על הר סיני"[26], אַראָפּגעבראַכט תורה דוקא למטה[25]. ביז אין אַן אופן — אַז תורה „לא בשמים היא"[27], נאָר למטה, און דערפאַר „כשמתכנסין מלאכי השרת לפני הקב"ה לומר אימתי ר"ה ואימתי יום הכפורים הקב"ה אומר להם לי אתם שואלים? אני ואתם נלך אצל בית דין של מטה"[28]. און ווי חז"ל זאָגן[29], „קא מיפלגי במתיבתא דרקיעא כו' הקב"ה אומר כו' וכולהו מתיבתא דרקיעא אמרי כו', מאן נוכח, (פסק'נען ביידע מתיבתות — הקב"ה און כולהו מתיבתא דרקיעא) נוכח רבה בר נחמני", אַ נשמה בגוף דוקא[30].

מתן תורה האָט אַרויסגעבראַכט די תכלית הכוונה פון דעם אויבערשטן אין באַשאַפן די וועלט — בכדי אַז אַ איד אַלס אַ נשמה בגוף דאָ למטה בעוה"ז הגשמי התחתון שאין תחתון למטה ממנו, זאָל לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים[31].

---

19) ראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו ה"ח. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט סי"א. וראה בנדו"ד — סדר היום (סדר פורים. הובא באלי' רבה או"ח סתרצ"ה ס"ק ד ובפמ"ג אשל אברהם או"ח שם ס"ק ה): יקבץ כל אנשי ביתו וחביריו דכי אדם יושב גלמוד יחיד אי אפשר לשמוח כראוי. וראה פרש"י אסתר עה"פ (ט, כח) משפחה ומשפחה: מתאספין יחד ואוכלים ושותין יחד.

20) אסתר ט, כב. וראה מנות הלוי למגילת אסתר שם. של"ה שכט, א. מגילת סתרים עה"פ אסתר שם, יט. וראה בכ"ז גם לקו"ש חכ"ב ע' 257. ובכ"מ.

21) שבת פח, א. וראה תו"א מג"א צו, ג ואילך. שערי אורה ד"ה וקבל היהודים (פט, ב ואילך). אוה"ת מג"א ע' ב'שמח ואילך. ב'שסב ואילך. סה"מ תרע"ח ע' קצו ואילך. ועוד.

22) אסתר ט, כז.

23) יומא כח, ב.

24) כתשובת משה להמלאכים (שהקב"ה ציווהו שהוא דוקא יענה) למה ניתנה תורה למטה — „למצרים ירדתם כו' משא ומתן יש ביניכם כו' יצר הרע יש ביניכם" (שבת פח, סע"ב ואילך. וראה בהנסמן בהערה הבאה).

25) ראה סה"מ תרנ"ה ע' קפה. הש"ת ע' 114. ובכ"מ.

26) יתרו יט, כ.

27) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב. רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט.

28) דב"ר פ"ב, יד. וראה שמו"ר פט"ו, ב. ירושלמי ר"ה פ"א ה"ג. ועוד.

29) ב"מ פו, א.

30) ולדעת הרמב"ם (הל' טומאת צרעת ספ"ב) שפוסק דלא כרבה בן נחמני — „דכאן דבשעת יציאת נשמה הוא דאמר הכי הוי בכלל לא בשמים היא" — כסף משנה לרמב"ם שם. וראה לקו"ת ד"ה קא מיפלגי במתיבתא דרקיע — תזריע כד, ד. מאמרי אדה"ז הנחות הר"פ ע' קנו. לקו"ש חי"ב ע' 68.

31) ראה תנחומא נשא טז. תניא פל"ו. ועוד.

ובעומק יותר:

באַ מתן תורה איז געוועז די בחירה פון דעם אויבערשטן אין אידן[32]. וואָס די בחירה האָט מען כלל ניט געדאַרפט בנוגע נשמות פון אידן — נאָר דוקא בנוגע דעם גוף הגשמי פון אידן, „ובנו בחרת מכל עם ולשון[33] הוא הגוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם"[34].

ובפרט ע"פ המבואר בכמה מקומות[35], אַז דוקא דער גוף פון אַ אידן, וואָס בו בחר הקב"ה, נעמט זיך און איז פאַרבונדן דוקא מיט (כביכול) עצמותו ית', וואָס „מציאותו[36] הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו"[37].

וואָס מצד דער בחירה אין דעם גוף הגשמי — זיינען אַלע אידן גלייך: בנוגע צו דער גילוי פון דער נשמה אין גוף — טיילן זיך אידן, איינער איז אַ צדיק גמור, אַ צווייטער אַ צדיק שאינו גמור וכו'. משא"כ בנוגע צו בחירת עצמותו ית' אין דעם גוף הגשמי („הנדמה בחומריותו לגופי כו'") — זיינען אַלע אידן גלייך ממש, פון אַ תינוק שנולד ביז אַ גדול שבגדולים, וע"ד מאחז"ל[38] „בין כך ובין כך אתם קרויים בנים".

און צוליב דער בחירה אין דעם גוף הגשמי פון אידן — האָט דער אויבערשטער געגעבן אידן תורה ומצוות למטה בארץ (באַ מתן תורה) — כידוע[39] דער סיפור וועגן דעם רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע, אַז ער האָט אַמאָל פאַרקאַטשעט דעם אַרבל[40] און געוויזן אויף זיין האַנט צו זיין זון, כ"ק מו"ח אדמו"ר, און געזאָגט: זע ווי טייער אַ אידישער גוף איז, אַז צוליב אים האָט מען אויסגעגאָסן אַזויפיל תורה ומצוות[41].

און בימי הפורים, ווען „קיימו מה שקבלו כבר" באַ מתן תורה, ווערט באַנייט בחירת עצמותו ית' אין דעם גוף הגשמי פון אַ אידן.

וי"ל אַז דערפאַר איז דער עיקר אונטערשטרייכונג בימי הפורים בנוגע צו דעם נצחון פון אַ נשמה בגוף בעוה"ז הגשמי, וואָס האָט מבטל געוועז גזירת המן אויף די גופים פון אידן[42].

ה. ענלעך דערצו איז דער אינהאַלט פון די שקלים וואָס אידן האָבן געבראַכט אין מדבר פאַר די אדני המשכן[43], און דערנאָך — פאַר די קרבנות ציבור:

---

32) ראה מג"א או"ח סי' ס סק"ב. שו"ע אדה"ז שם סעיף ד.

33) ברכת ק"ש.

34) תניא פמ"ט (סט, סע"ב ואילך).

35) ראה ספר השיחות תורת שלום ע' 11. 120. 122. שיחת פורים תער"ב — הועתקה במכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר (אגרות קודש שלו ח"ג ס"ע תקנו ואילך). ועוד.

36) אגה"ק ס"כ (קל, סע"א ואילך).

37) בכ"ז — ראה לקו"ש חי"ח ע' 409 ובהערות שם. חכ"א ע' 219 ובהערות שם.

38) ראה קידושין לו, א. וראה לקו"ש חי"א ע' 3. וש"נ.

39) ראה לקו"ש ח"ו ע' 325. חט"ז ע' 585.

וראה שיחת פורים שבהערה 35: אז מיא זאגט איך מיינט מען דעם גוף, דעם בשר הגשמי (ובעת אמירתו דברים אלו הנה הראה בידו הימנית על ידו השמאלית, ותפסה בחזקה, ואמר): אט דער בשר הגשמי איז דאס דער איך כו', ואיילע דער גוף הגשמי איז א התהוות פון עצמות אין סוף כו'.

40) לגלות גשמיות היד.

41) וידוע פתגם אדה"ז: מען האָט גאָר קיין השגה ניט, ווי עס איז טייער באַ השי"ת דער גוף פון אַ אידן („היום יום" כט אלול).

42) ובעומק יותר י"ל — שעיקר התנגדות וגזירת המן היתה על בחירת עצמותו ית' בהגוף (שהוא מפוזר ומפורד בין העמים (אסתר ג, ח) — דומה בחומריותו כו') ונתינת התורה לנשמות בגופים דוקא: וזה הביא ל„קיימו (חיזוק חדש)' מה שקבלו כבר" במ"ת לנשמות בגופים.

43) מגילה כט, ב. פרש"י תשא ל, טו.

מ'האָט געגעבן מחצית השקל בכדי אויפטאָן "לכפר על נפשותיכם"[44], פאַר "כל העובר על הפקודים"[45], עובר על פקודי דאורייתא[46]. ווי חז"ל[47] זאָגן, אַז מחצית השקל איז געווען אַ כפרה אויפן חטא העגל.

דער ענין פון "עובר על הפקודים" (על פקודי דאורייתא) איז שייך נאָר ביי אַ נשמה בגוף גשמי וחומרי (ניט ביי אַ נשמה למעלה), און דאָס רירט אַז און איז פוגם אין דעם גוף הגשמי.

על אחת כמה וכמה דער חטא העגל — אַ חטא כללי, וואָס האָט אָנגערירט דעם גאַנצן ענין פון מתן תורה (לנשמות בגופים דוקא, כנ"ל), און די מקבלי התורה (נשמות בגופים) — כדברי חז"ל, אַז בא מתן תורה "פסקה זוהמתן"[48], און דורך דעם חטא העגל חזרה זוהמתן[49], די זוהמא אין גופי בני אדם וואָס איז געקומען דורך דעם חטא עץ הדעת[50].

ד. ה. אַז דער חטא העגל האָט פוגם געווען אין דעם גילוי פון בחירת עצמותו ית' אין דעם גוף הגשמי פון אידן.

ועד כדי כך, אַז דאָס האָט אָנגערירט אַלע אידן[51], פון אַ גדול שבגדולים ביז אַ קטן שבקטנים, פון אַן "עשיר", ביז אַ "דל", כולל — אין עני אלא בדעת ואין עשיר אלא בדעת[52], און ניט נאָר בדור ההוא, נאָר בכל הדורות עד סוף כל הדורות — כמ"ש[53] "וביום פקדי ופקדתי עליהם חטאתם" — "ותמיד תמיד כש־אפקוד עליהם עונותיהם ופקדתי עליהם מעט מן העון הזה עם שאר העונות, ואין פורענות באה על ישראל שאין בה קצת מפרעון עון העגל"[54]. וואָס דאָס איז דאָך אַ געוואַלד־געשריי: צוליב אַ חטא וועלכע מ'איז באַגאַנגען טויזנטער יאָרן צוריק —ליידן אידן כל הדורות!...

קומט דערפון אַרויס, אַז מצות מחצית השקל באַדייט בעיקר די כפרה און תיקון אויף דעם פגם וזוהמא אין גוף הגשמי (וואָס איז געוואָרן דורכן חטא העגל).

און וויבאַלד אַז דער פגם פון חטא העגל האָט אָנגערירט די גופים פון אַלע אידן, פון אַן "עשיר" ביז אַ "דל" — דעריבער איז מצות מחצית השקל אין אַן אופן אַז "העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט".

און נאָכמער: אין מצות מחצית השקל איז אונטערשטראָכן די אחדות פון אַלע אידן — און אַן אחדות גשמית (דורך אַ מטבע גשמית) — וואָרום יעדער איד ברענגט נאָר אַ "מחצית" פון אַ שקל, און בכדי עס זאָל ווערן אַ שקל שלם דאַרף ער אָנקומען צו נאָך אַ אידן[55].

---

44) תשא שם.

45) שם, יד.

46) אור החיים תשא ל, יג בשם הזהר. הובא בסה"מ תרנ"ח ע' קמו. תרס"ה ע' קפט. פר"ת ע' רסג. ועוד.

47) ירושלמי שקלים פ"ב סוף ה"ג. תנחומא תשא י"יא. ועוד.

48) שבת קנו, א. זח"א נב, ב. קכו, ב. ח"ב קצג, סע"ב.

49) זהר שם. וראה תניא ספל"ו.

50) ראה מקומות שבהערה 48.

51) וצ"ע אם כן הוא בנוגע למשה רבינו שהי' בהר בשעת חטא העגל. וראה לקו"ש ח"ג ס"ע 924.

52) ראה נדרים מא, רע"א.

53) תשא לב, לד ובפרש"י (מסנהדרין קב, א).

54) ומשום חומר חטא העגל — "תמה משה" (תוד"ה זאת — חולין מב, סע"א) כששמע שמחצית השקל יכפר על חטא זה (ראה לקו"ש ח"ג ס"ע 923 ואילך).

55) וענין זה הוא ענין הכי עיקרי במחצית השקל, עד כדי כך, שהדין הוא ש"אינו נותנו (מחצית השקל) בפעמים רבות היום מעט ולמחר מעט אלא נותנו כולו כאחת בפעם אחת" (רמב"ם ריש הל' שקלים. וראה לקו"ש חט"ז ע' 384 וש"נ), אף שבכלל

און נאָכמער: דורך די אחדות פון אידן ע"י נתינת מחצית השקל האָט מען געמאַכט די אדני המשכן, דער יסוד פון דעם משכן. ד.ה. אַז די אחדות פון אידן האָט[56] זיך אויסגעדריקט אין אויפשטעלן אַ משכן גשמי בעוה"ז הגשמי, „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם"[57] (ווי מ'גייט לייענען אין תפלת המנחה פון דעם שבת), השראת השכינה למטה בעוה"ז הגשמי[58] [און אויך דערנאָך — האָט מען דורך די אחדות פון אידן (ע"י מחצית השקל) געקויפט די קרבנות ציבור, וואָס איז די עבודה עיקרית אין משכן ומקדש, „בית . . מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"[59]].

ו. דערמיט, י"ל, איז פאַרשטאַנדיק פאַרוואָס די שקלים פון אידן האָבן מבטל געווען (די שקלים פון) גזירת המן — ווייל דער אינהאַלט פון נתינת מחצית השקל איז דער כפרה און תיקון אויף אַ פגם ח"ו, כביכול אין גילוי בחירת עצמותו ית' אין דעם גוף הגשמי פון אידן וואָס האָט זיך אויפגעטאָן באַ מתן תורה; וואָס דאָס האָט דערנאָך געגעבן דעם כח צו זיך מתגבר זיין אויף גזירת המן אויף די גופים פון אידן (ועד"ז דורעו של המן „שבכל דור כו' והקב"ה מצילנו מידם"[60]), ביז אַז עס זאָל זיין „קיימו מה שקבלו כבר", אַ פאַרשטאַרקונג נאָכמער אין בחירת עצמותו ית' אין דעם גוף הגשמי פון אידן.

און אַזוי אויך די גשמיות'דיקע אחדות צווישן אידן, „העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט", באַ מחצית השקל — האָט געגעבן כח צו מבטל זיין גזירת המן, דורך „כנוס את כל היהודים", די גשמיות'דיקע אחדות ובהדגשה בימי הפורים.

ז. לויט דעם אויבנדערמאָנטן ביאור — קען מען אויך מבאר זיין אַ שייכות צווישן די צוויי ענינים אין שבת מברכים אדר (פ' שקלים און פורים) מיט פרשת השבוע — פ' משפטים[61].

אויף „ואלה המשפטים" זאָגט רש"י „מה ראשונים מסיני אף אלו מסיני". ד.ה. אַז די „משפטים" זיינען געגעבן געוואָרן באַ מתן תורה ד.ה. צו נשמות בגופים דוקא. ווי מ'זעט בפשטות דער תוכן פון די „משפטים" אין די פרשה — אַז זיי רעדן אַלע וועגן די הנהגה בגשמיות העולם.

עפ"ז י"ל וועט מען אויך פאַרשטיין פאַרוואָס דער ערשטער פון די

---

„זריזין מקדימין למצוות" (פסחים ד, א).

וראה אגה"ק סכ"א בשלילת הענין לחכות בצדקה שהתנדבו „לתת מדי שנה בשנה" לתתה „מדי שבת בשבתו ולפחות מדי חודש" — היינו דוקא בי"ב (נ"ה)* פעמים! ובכלל ע"ד גודל ענין הזריזות בענין הצדקה, ש„זריזותי' דאברהם אבינו ע"ה היא העומדת לעד לנו ולבנינו עד עולם כי העקדה עצמה אינה נחשבת כ"כ לנסיון גדול לערך מעלת א"א ע"ה כו'", ובהמשך האגה"ק שם: אך גם זאת מצאנו ראינו בעבודת הצדקה מעלה פרטיות גדולה אין ערוך אלי' להיות מעשה הצדקה נעשית בפעמים רבות וכל המרבה ה"ז משובח ולא בפעם א'. כמ"ש הרמב"ם ז"ל בפירוש המשנה ששנו חכמים ז"ל והכל לפי רוב המעשה (נת' באוה"ת על מארז"ל ע' מא ואילך).

56) נוסף לזה ש„ברכנו אבינו" נעשה ע"י „כולנו כאחד" (ברכת „שים שלום" בסוף תפלת העמידה. וראה תניא פרק לב).

57) תרומה כה, ה.

58) ראה במדב"ר פי"ג, ב. פי"ב, ו. לקו"ת צו י, ד. רד"ה באתי לגני ה'שי"ת.

59) רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתן. סהמ"צ שורש יב. מ"ע כ.

*) שתי הקצוות בהאופנים האפשריים בקביעות השנים — י"ב חדשים בשנה פשוטה, ונ"ה שבועות בשנה מעוברת שלימה (של שפ"ה יום).

60) הגדה של פסח פיסקא „והיא שעמדה".

61) כתורת אדה"ז „מען בעדאַרף לעבן מיט דער צייט, מיט פרשת השבוע" (ס' השיחות תש"ב ע' 29. „היום יום" ב' חשון).

„משפטים" איז — „כי[62] תקנה עבד עברי שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם".

וואס לכאורה איז דאס ניט פאר־שטאנדיק: די מצוה פון עבד עברי איז א דבר בלתי רגיל כלל: דוקא בזמן הבית[63], און דעמולט גופא — רעדט זיך עס וועגן א גנב (א מיעוט דמיעוטא[64] צווישן בני ישראל, וואס כל ישראל זיינען בחזקת כשרות[65]), און א גנב שנמכר בגניבתו ע"י בית־דין[66] און דער־נאך „אין לו". ווערט די שאלה: פאר־וואס הויבט אן די תורה מיט א מצוה בלתי רגילה כלל וכלל וקשורה בחטא וכו' — און ניט מיט אנדערע מצוות אין דער זעלבער פרשה וועלכע זיינען שלא בערך מער רגיל?

ויש לומר הביאור — ווייל דוקא די מצוה ברענגט ארויס דעם תוכן און תכלית פון אלע „משפטים" —

ווי עס דארף זיין די הנהגה פון א גוף הגשמי פון א אידן, די טייערקייט פון דעם גוף הגשמי, וואס דוקא צו אים זיינען אפגעגעבן געווארן אלע „משפטים" און גאנץ תורה ומצוות:

צווישן אידן גופא איז אן עבד עברי אויף גאר א נידעריקע דרגא — א גנב, שנמכר בגניבתו. ד. ה. אז ביי אים הערט זיך אן בעיקר זיין גוף הגשמי והחומרי, און זיין נשמה שטייט בהעלם.

ובפנימיות הענינים: מצד זייער גוף ווערן אידן אנגערופן „עבד", און מצד זייער נשמה ווערן זיי אנגערופן „בן"[67].

האט מען געקענט מיינען, אז א) וואס דארף די תורה זיך פארנעמען לכל לראש מיט אויסטייטשן דינים וועגן לכאורה אן „איינפאכן" וכו' עבד עברי — בעסער וואלט געווען צו אנהויבן און רעדן וועגן העכערע ובכלל — רוחניות'דיקע ענינים, ב) וויבאלד דאס רעדט זיך וועגן א גנב שנמכר בגניבתו געמאכט פון אן אידן — אן עבד עברי — דארף מען ניט זיין זהיר בכבודו וכו'.

זאגט אן תורה „כי תקנה עבד עברי" — די תורה רעדט דא ניט וועגן דעם עצם דין פון א גנב, נאר וועגן די דינים ווי מ'דארף זיך פירן אויב („אם") מ'האט שוין געקויפט אן „עבד עברי": א) ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ער איז אן עבד עברי שנמכר בגניבתו — גיט זיך אפ די תורה צו אנזאגן די דינים ווי מ'דארף זיך מיט אים פירן, און ב) ווי דארף מען זיך מיט אים פירן — מיט חסד ורחמים, „שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם"[68], „אם בגפו יבוא בגפו יצא וגו'", „ויצאה אשתו עמו", „חייב במזונות אשתו ובניו"[69], וכו'.

וויבאלד דאס רעדט זיך וועגן דעם גוף הגשמי פון א אידן, וואס דוקא אין אים איז געווען די בחירה פון עצמותו ית', און דערפאר האט ער אפגעגעבן גאנץ תומ"צ,

און אין די בחירה איז ניט שייך שינויים — דאס איז גלייך ביי אלע אידן, ניט קוקנדיק צי זיין נשמה שטייט בגלוי אדער ניט.

און די טייערקייט פון א אידישן גוף זעט מען מער בגלוי דוקא ביי אן עבד עברי — וואס ביי אים שטייט די נשמה בהעלם, און אעפ"כ זאגט אן תורה דייט־לעך ווי מ'דארף זיך מיט אים פירן בחסד

62) פרשתנו כא, ב.
63) קידושין סט, א. רמב"ם הל' עבדים פ"א ה"י.
64) שאפילו ר"מ אינו חושש לזה — יבמות קיט, ריש ע"ב. ע"ז לז, ב.
65) רמב"ם הל' קידוש החודש פ"ב ה"ב.
66) פרש"י פרשתנו שם.
67) ראה אוה"ת פרשתנו ע' א'קלט־מ. המשך תרס"ו ע' קנז. ע' שט ואילך.
68) פרשתנו שם.
69) שם, ג ובפרש"י.

וברחמים.

און דאָס גיט אַרויס דער תוכן ותכלית פון גאַנץ משפטים — דער בירור וזיכוך פון דעם גוף הגשמי וואָס צוליב דעם איז געגעבן געוואָרן תורה ומצוות.

ח. דערפון האָט מען אַ לימוד נפלא אין די געוואַלדיקע טייערקייט פון אַ אידישער גוף, און פון יעדער אידישן גוף אָן אויסנאָם, וואָס צוליב אים האָט מען געגאָסן אַזויפיל תורה ומצוות (בלשון פון דעם רבי'ן נ"ע כנ"ל).

וואָס דאָס לערנט יעדערן, אַז ניט קוקנדיק אויף זיין אייגענער חיצוניות, אָדער די חיצוניות פון אַ צווייטן אידן, ניט קוקנדיק צי ער איז אַ צדיק גמור ביי וועמען עס לייכט די נשמה בגלוי אָדער ניט — האָט יעדער איד אָן אויסנאָם, פון אַ תינוק שנולד ביז אַ צדיק גמור[70], אַ גוף אין וועלכן דער אויבערשטער אַליין האָט בוחר געווען בבחירתו החפשית.

און נאָכמער: די בחירה אין גוף ווירקט ופועל אויף דעם אידן[71], ביז אַז דאָס ברענגט אַז ער זאָל מגלה זיין די בחירה אין זיין גוף, דורך גילוי הנשמה, דורך תורה ומצוות.

ויש לקשר זה אויך מיטן שיעור רמב"ם פון דעם מוצאי שבת (ראש חודש אדר): "לעולם[72] יעסוק אדם בתורה (ומצוות[73]) אפילו שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה":

אין דער הלכה זיינען אונטער־שטראָכן צוויי זאַכן:

א) "לעולם יעסוק אדם בתורה אפילו שלא לשמה", ד. ה. אפילו ווען ער האַלט נאָך באַ "שלא לשמה" (און ס'וועט נעמען נאָך אַ משך זמן ביז ער וועט צו־קומען צו "לשמה"), ווי דאָס איז באַ קטנים[74] — דאַרף ער זיך אויך עוסק זיין בתורה ומצוות — וואָרום דאָס רעדט זיך וועגן אַ איד, וועלכער האָט אַ גוף גשמי, אַ גוף קדוש, אין וועלכער דער אויבערשטער האָט בוחר געווען (אפילו אויב זיין נשמה לייכט נאָך ניט בגוף), און די נשמה וכוונה לשמה פון דער מצוה לייכט נאָך ניט בגלוי.

און נאָכמער: ב) "שמתוך שלא לשמה בא לשמה": וויבאַלד אַז זיין עצם איז אַלעמאָל גאַנץ, ווי דער רמב"ם פסק'נט[75] אַז יעדער איד "רוצה להיות מישראל ורוצה הוא לעשות כל המצוות כו'" — ברענגט עס סוף סוף זיכער צו עבודה "לשמה". ובפרט לויט דעם פירוש אין "מתוך שלא לשמה בא לשמה" — אַז דער "תוך" און פנימיות פון "שלא לשמה" איז "לשמה"[76].

און דעריבער, בשעת מ'טרעפט אַ אידן וואָס אויף אים זעט אויס אַז ער איז נאָך ניט שייך צו קיום המצוות בתכלית ההידור, אָדער ער איז גאָר אַ תינוק

---

70) כדמוכח ג"כ מפס"ד והלכות פקו"נ.

71) ועפ"ז יש לבאר מ"ש אדה"ז בתניא (פכ"ו) "ונודע לכל פי' האר"י ז"ל על פסוק זה" ("תחת אשר לא עבדת את ה' אלקיך בשמחה וגו'") — דלכאורה אינו מובן: נראה בפועל שישנם כו"כ שלא נודע להם "פי' האר"י ז"ל על פסוק זה", ויתירה מזה: לא נודע להם בכלל אודות האריז"ל (ואודות אדה"ז)?! ובפרט שאדה"ז מביא כאן תואר הנפלא "האר"י ז"ל" (ר"ת "האלקי אדוננו רבינו יצחק זכרונו לברכה").

ויש לומר: מצד הגוף גשמי (שבו בחר הקב"ה) "נודע לכל פי' האר"י ז"ל על פסוק זה", אף שאצל כמה אי"ז בגילוי (לע"ע) בידיעת הנשמה המלובשת בגוף. וי"ל מעין דוגמא לזה — מדברי חז"ל (מגילה ג, א. וש"נ) דאע"ג דאינהו לא חזו מזלייהו חזו, ומשום זה נפלה עליהם חרדה גדולה על הגוף הגשמי, אע"פ שנשמותיהם של חגי מלאכי וזכרי' היו נעלות ביותר, לא חזו.

72) הל' תשובה פ"י ה"ה. ועד"ז בהל' ת"ת פ"ג ה"ה.

73) פסחים נ, ב.

74) רמב"ם הל' תשובה שם. וראה שם ה"א.

75) הל' גירושין ספ"ב.

76) ראה לקו"ש ח"כ ע' 50.

שנשבה בין העכו״ם, וואס ווייסט בכלל נאך ניט וועגן אל״ף־בי״ת פון אידיש־קייט — טאר מען זיך ניט מייאש זיין פון אים און ניט פון קיין אידן ח״ו,

נאר מ׳דארף זיך מיט אים פארנעמען מיטן גאנצן שטורעם בכדי ביי אים מגלה זיין די טייערקייט פון זיין גוף הגשמי דורך מגלה זיין ביי אים זיין נשמה דורך לימוד התורה וקיום המצוות.

ט. ובנוגע לפועל:

שטייענדיק בשבת מברכים החודש אדר, וואס זיין יום טוב תוכן איז חג הפורים, און פ׳ שקלים, און פ׳ משפטים — האט מען אן אנווייזונג און נתינת כח, צו זיך אריינטראכטן וכדבעי[77] אין די טייערקייט פון יעדער איד, „מנער ועד זקן טף ונשים", על מנת אז דאס זאל אים ברענגען צו משפיע זיין אויף די אידן אז זיי זאלן זיך שטארקן אין לימוד התורה און קיום המצוות.

כולל ובמיוחד — דעם פארשלאג און בקשה כפולה וועגן וועלכע מ׳האט גע־שריבן אין די בריוו[78], סיי אין דעם כללות׳דיקן אלגעמיינעם בריוו, און סיי אין דעם בריוו צו די קינדער — אז מ׳זאל באשטימען דעם קומענדיקן יאר אלס א זמן געווידמעט ספעציעל צו מאכן יעדע אידישע היים — א „מקדש מעט"[79], א בית תורה, תפלה וגמילות חסדים,

און ספעציעל — דורך דעם וואס קינ־דער, און אויך ערוואקסענע, זאלן האבן אן אייגענעם סידור, חומש (אדער אן אנדער ספר של תורה), און (להבדיל) צדקה־פושקע. און דארט אנשרייבן „להשם הארץ ומלואה", און זיין נאמען.

ווי ערקלערט אויספירלעך אין די בריוו.

יו״ד. וכפשוט: שטייענדיק אויף דעם שוועל פון חודש אדר — דארף מען טאן בהוספה ובזריזות וכדבעי אין אלע צוגרייטונגען צו „מבצע פורים": זען אז יעדער איד, „מנער ועד זקן טף ונשים", זאל וויסן און מקיים זיין די מצוות פון פורים: מקרא מגילה, משלוח מנות איש לרעהו, מתנות לאביונים, שמחת פורים, סעודת פורים וכו׳.

כולל כפשוט — דעם פנימיות׳דיקן אינהאלט פון פורים — „קיימו מה שקבלו כבר" בא מתן תורה, א באַ־נייטער חיזוק אין אלע ענינים פון תורה ומצוות, וועלכע טיילן זיך בכללות אויף „אורה ושמחה וששון ויקר"[80], „אורה זו תורה כו׳ ויקר אלו תפילין"[81].

יא. ויהי רצון, אז די אלע זאכן זאלן נאכמער צואיילן דעם „מיסמך גאולה לגאולה"[82], גאולת פורים לגאולת פסח, דער רעדן איצט בשבת וועגן גאולת פורים זאל זיין בסמיכות ממש לגאולה העתידה, וועלכע וועט זיין כימי צאתך מארץ מצרים[83], ע״י משיח צדקנו,

ותיכף ומיד ממש — נאך אין דעם שבת מברכים אדר, וועט מען בדרך ממילא פראווען פורים און פסח אין ארץ הקודש, אין ירושלים עיר הקודש, בביהמ״ק השלישי, ומתוך שמחה וטוב לבב.

77) כתובות סז, רע״א.
78) בין יו״ד שבט וט״ו שבט (נדפסו לקמן ח״ב בהוספות).
79) ראה יחזקאל יא, טז. מגילה כט, א.
80) אסתר ח, טז.
81) מגילה טז, ב.
82) שם ו, סע״ב.
83) מיכה ז, טו.



## חלק משיחת ש"פ משפטים, פ' שקלים מבה"ח וער"ח אדר ה'תשמ"ז

— ע"ד ההשתדלות שכל ילדי ישראל שי' יעשו בית תורה, תפלה וגמ"ח —

**בהמשך למכתב הכללי* המיוחד לכל ילדי ישראל שי' — באתי לעורר ולזרז עוד הפעם** בבקשה כפולה **בנוגע לתוכן המכתב, שכל אחד ואחת מילדי ישראל, בכל מקום שהם, יעשה מחדרו הפרטי, מטתו ושולחנו כו' "מקדש מעט"[1], "בית" של תורה, תפלה וגמילות חסדים:**

**בחדרו של כל ילד וילדה — יניחו, במקום חשוב ובולט ונראה לעין,** חומש **(או ספר אחר של תורה),** סידור, **וכן (להבדיל)** קופת צדקה.

**וכדאי שהחומש הסידור וקופת ה־צדקה יהיו** שלהם **דוקא, וגם ירשמו את** שמם **(הילדים בעצמם, או ההורים) על הדף שלפני התחלת הסידור או החומש, ואם אפשר — גם על קופת הצדקה, וכ־מנהג ישראל — ירשמו לפנ"ז "לה' הארץ ומלואה"[2] (או בראשי־תיבות: לה"ו).**

**ובודאי אין צורך להאריך בגודל התועלת שבדבר —**

**הן בנוגע לעצם העובדה שבחדרו של כל ילד וילדה ישנם ג' הדברים דתורה תפלה וגמילות־חסדים,**

**ועוד ועיקר — שעי"ז יתוסף בלימוד התורה בחומש (וכיו"ב) ובתפלה לה' מידי יום ביומו, ובימות החול — גם ב־נתינת הצדקה, וכל זה — בחיות וחביבות מיוחדת, מכיון שנעשה בחומש סידור וקופת־צדקה** המיוחדים, **שייכים** להם, **כ־טבעם של ילדים,**

**והן בנוגע לרשימת שמם של הילדים לאחרי "לה' הארץ ומלואה" — שעי"ז (א) מזכירים ומדגישים את השם היהודי של כאו"א מילדי ישראל, גם לאלו שלעת־עתה עדיין אינם מרבים להשתמש בשמם היהודי, (ב) ועיקר: מחנכים את ילדי ישראל ומחדירים במוחם ולבם שכל חפץ שלהם קשור עם** הקב"ה, **"לה' הארץ ומלואה".**

* * *

**ובקשה מיוחדת וכפולה — להורים, מחנכים ומחנכות, מדריכים ומד־ריכות, מנהלי מוסדות חינוך וכיו"ב שי':**

נוסף לכך שהם עצמם, בתוככי כל בני ובנות ישראל, צריכים לעשות מביתם הפרטי בית תורה תפלה וגמ"ח, כמבואר בארוכה במכתב הכללי והכולל —

**מוטלת עליהם האחריות, ביחד עם הזכות הכי גדולה, להשפיע ולפ־עול על הילדים והילדות שיעשו כל הנ"ל.**

וכדי להדגיש ולהבליט את החשיבות המיוחדת בפעולתם של הילדים — באה בקשה הנ"ל בשני מכתבים:

**מכתב א', בארוכה ובפרטיות — אל בני ובנות ישראל, שאצלם, ענינים אלו הם** מעיקר הדין; **ומכתב א', בקיצור ונקודה — לכל ילדי ישראל, שאצלם, ענינים אלו הם מצד** חינוך,

*) "בימים שבין יו"ד שבט וט"ו בשבט" (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). המו"ל.

1) ראה יחזקאל יא, טז. מגילה כט, א.

2) תהלים כד, א.

אבל הובטחנו[3] „חנוך לנער על פי דרכו (שעי"ז) גם כי יזקין לא יסור ממנה".

וזה מגדיל ביתר שאת ויתר עוז זכות המחנכים וגם אחריותם — כיון שנוגע לכל משך ימי חייו של המחונך/כת.

ובקשתי כפולה — כאמור — שההורים, המורים והמדריכים כו', יעוררו וישפיעו על הילדים בכל הנ"ל,

ועוד, וגם זה עיקר — שיסבירו להילדים את המבואר ומפורש בספרי קדמונינו גדולי ישראל (ומשם צומצם ונעתק תוכן המכתב הארוך, שנקודתו) — שבית המקדש הכללי כולל את ג' הדברים שעליהם העולם עומד, תורה תפלה וגמ"ח, ומעין זה צריך להיות גם בביתו וד' אמותיו של כאו"א מישראל, „מנער ועד זקן טף ונשים"[4],

ובודאי ימצאו את הסגנון והאותיות המתאימים לפי־ערך שכלם והבנתם של הילדים וגילם.

וכדאי שהמדריכים והמדריכות שי' ישאלו את הילדים והילדות שי': המשתמשים בסידור, חומש וקופת הצדקה שלהם —

מזמן לזמן ובפרט — ביומין זכאין.

* * *

בטח יפרסמו בקשה כפולה זו בכל מקום ומקום, ובמיוחד בין אלה שיש להם השפעה חשובה בענין החינוך,

ותקוותי חזקה שיתקבלו הדברים, ויפעלו פעולתם,

ובודאי יצליחו בכל זה בהצלחה רבה ומופלגה — כפי שרואים במוחש בתקופה האחרונה את מדת ההצלחה בפעולות אלו, ובודאי יהי' כן גם בעתיד,

וכפי שאמר הקב"ה שהוא המצווה: ועשו[5] לי מקדש ושכנתי בתוכם (כמועתק במכתב הכללי פי' רז"ל בהדיוק בתוכם): „ובחנוני[6] נא בזאת"!

ועוד וג"ז עיקר — שעי"ז זוכים להחיש ולהקדים בנין בית המקדש הכללי, והעיקרי, בית המקדש השלישי שיבנה במהרה בימינו ממש.

---

3) משלי כב, ו.
4) ל' מג"א — ג, יג.
5) תרומה כה, ח.
6) ל' הפסוק — מלאכי ג, י.



## משיחות ש"פ תרומה, ו' אדר ה'תשמ"ז

א. ז' אדר, דער יום ההולדת און יום הסתלקות פון משה רבינו[1], פאַלט אויס (מערסטע יאָרן) נאָענט צו פרשת תרומה, און היי־יאָר — פאַלט ער אויס במוצאי שבת (יום ראשון) פ' תרומה[2].

לויט דעם וואָס דער של"ה[3] שרייבט, אַז אַלע מועדי השנה — אַלע באַשטימ־טע (אויסגעטיילטע) טעג זיינען פאַר־בונדן מיט די פרשיות אין תורה וואָס מ'לייענט דעמולט — דאַרף מען זאָגן אַז ס'איז דאָ אַ שייכות צווישן ז' אדר מיט פ' תרומה[4].

ב. דער פאַרבונד צווישן ז' אדר און פ' תרומה — איז פאַרשטאַנדיק אפילו אויבנאויפיק, בפשטות:

דער כללות'דיקער אינהאַלט פון פ' תרומה (און אויך — פרטיו) איז — וועגן דעם משכן: דער אָנזאָג פון דעם אויבערשטן צו משה רבינו „דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה גו' זהב וכסף ונחושת גו' ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם"[5]. און דער המשך כל הפרשה רעדט וועגן די פרטים ווי מ'זאָל בויען דעם משכן און מאַכן די כלי המשכן.

דער טעם פאַרוואָס דוקא משה רבינו האָט באַקומען דעם אָנזאָג צו בויען דעם משכן לה' (און ניט די צדיקים פאַר אים) — איז פאַרשטאַנדיק פון דעם וואָס עס שטייט אין מדרש[6], אַז נאָכן חטא עץ הדעת און די אַנדערע זעקס חטאים וועלכע האָבן גורם געווען אַז די שכינה זאָל נסתלק ווערן למעלה ביז אין רקיע השביעי — זיינען געווען זיבן צדיקים וועלכע האָבן צוריק ממשיך געווען די שכינה, אָנהויבנדיק פון אברהם אבינו וועלכער האָט עס ממשיך געווען פון רקיע השביעי אין רקיע הששי, ביז משה רבינו (וואָס ער איז געווען דער שביעי, און „כל השביעין חביבין"[7]) וועלכער האָט עס ממשיך געווען פון רקיע הראשון אין ארץ, „הורידה לארץ", „ביום שהוקם המשכן"[8], ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר ערקלערט (אין זיין מאמר חסידות הידוע ד"ה באתי לגני[9])[10].

דאָס הייסט: כאָטש אַז דער תכלית פון גאַנץ עבודה פון אַלע צדיקים איז — צו

---

1) מגילה יג, ב. וש"נ. וראה לקו"ש חט"ז ע' 342 ואילך.

2) נוסף לזה שהוא מתברך משבת זה, עם שאר ימי השבוע הבא, שכולם מתברכים מיום השבת (זח"ב סג, ב. פח, א).

3) ר"פ וישב.

4) ולהעיר ממ"ש בספרים (מאור עינים פ' תצוה. וראה לקו"ש שם בהערות) — השייכות (והרמז) דז' אדר לפ' תצוה, דבשנה זו חל בראש (ביום אחד) דפ' תצוה.

5) פרשתנו כה, ב־ג. שם, ח.

6) שהש"ר עה"פ ה, א.

7) ויק"ר פכ"ט, יא.

8) במדב"ר פי"ג, ב. תנחומא נשא טז. וראה במדב"ר פי"ב, ו. ועוד.

וגם לפי מאמרי חז"ל שירידת השכינה בארץ היתה במתן תורה* (שגם מ"ת הי' ע"י משה רבינו דוקא) — הרי בפשטות, שלימות הגילוי בזה היתה במשכן (ראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 150 ואילך).

9) ה'שי"ת (סה"מ ה'שי"ת ע' 111 ואילך).

10) ולהעיר מהשייכות ליום הילולא דצדיק ונשיא בדורו — שהרי מאמר זה ניתן ע"י כ"ק מו"ח אדמו"ר ללמדו בש"פ בא, יו"ד שבט ה'שי"ת, יום ההילולא שלו.

---

*) וראה מח"כ לב"ר פי"ט, ז.

ממשיך זיין די שכינה בארץ — אין וועלט, האָט זיך אָבער משה אויסגע־צייכנט דערמיט וואָס ער האָט געהאַט דעם כח אויפצוטאָן עס זאָל ווערן ושכנתי (אַ משכן), בפועל — דורך עשיית המשכן. דעריבער איז דער אָנ־זאָג געווען צו אים (און דורך אים — צו זיין דור, בני ישראל): "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם". ביז אַז דער משכן ווערט אָנגערופן על שמו — "משכן שעשה משה"[11], "מעשי ידי" משה[12].

דערמיט איז פאַרשטאַנדיק דעם פאַר־בונד מיט ז' אדר:

ס'איז באַוואוסט אַז אין דעם יום ההילולא פון אַ צדיק זיינען עולה למעלה "כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד כל ימי חייו"[13], און דאָס איז "מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה"[14], ביז אַז דאָס איז "פועל[15] ישועות בקרב הארץ"[16].

דאָס הייסט, אַז אין ז' אדר (דער יום הסתלקות פון משה רבינו) איז עולה למעלה און עס ווערט נתגלה ופועל בקרב הארץ "מעשיו כו' ועבודתו" פון משה רבינו, איינגעשלאָסן זיין עבודה חדשה (לגבי די צדיקים פאַר אים) פון "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" (משכין זיין די שכינה בארץ).

נאָכמער: "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" איז געווען ניט סתם (נאָך) אַ טייל אין עבודת משה רבינו, נאָר אין דעם איז באַשטאַנען דער עיקר עבודה פון משה רבינו, וואָס האָט אַרומגענו־מען אַלע זיינע ענינים — צו ממשיך זיין די שכינה אין וועלט, אָנהויבנדיק דורך מתן תורה (וואָס איז געקומען נאָך די הכנה פון יציאת מצרים) דאָ למטה

---

11) רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתן. וראה דה"א א, כט: משכן ה' שעשה משה.

12) סוטה ט, סע"א.

13) אגה"ק סי' זך (קמז, א־ב). וראה סידור שער הל"ג בעומר (דש, ב־ג). ד"ה להבין ענין הילולי׳ דרשב"י במאמרי אדה"ז תקס"ד ע' קד; מאמרי אדהאמ"צ ויקרא ח"ב ע' ת־סו ואילך. ד"ה הנ"ל תרנ"ד: עטר"ת. ועוד.

14) שם סכ"ח (קמח, א).

15) תהלים עד, יב. הובא באגה"ק שם.

16) וענין זה הי' בז' אדר — כדאיתא בגמרא (מגילה יג, ב) "כיון שנפל פור בחודש אדר שמח (המן) שמחה גדולה אמר נפל לי פור בירח שמת בו משה, ולא הי' ידע שבשבעה באדר מת ובשבעה באדר נולד"*. וראה לקו"ש חט"ז ע' 350 ובהערה 76,

---

*) בחדא"ג מהרש"א שם מבאר הטעם לזה, כי בז' אדר מת יש ללמוד מתוך הכתובים (כדאמרינן ספ"ק דקידושין (לח, א) מדכתיב וימת שם משה גו' ויבכו גו' (ברכה לד, ה. שם, ח)), משא"כ לידתו בז' אדר אינו מפורש אלא מדרש חכמים הוא (מדכתיב מאה ועשרים שנה אנכי היום, מה ת"ל היום, מלמד

---

שלכאורה העילוי הוא מצד יום מיתתו של משה שהי' בז' באדר; אבל לפרש"י "כדאי הלידה שתכפר על המיתה" — העילוי הוא מצד הלידה, שגם זה הי' בז' אדר – נת' בלקו"ש חכ"ו ע' 1 ואילך.

---

שהקב"ה יושב וממלא שנותיהם של צדיקים מיום ליום כו' — קידושין שם), וזה הדרש לא הי' יודע המן.

(ויומתק בזה, שמצינו כו"כ צדיקים (וי"ל גם לפני זמן המן) שמיתתם לא היתה ביום לידתם. וגם נשמות חדשות (כמו נשמת אדה"ז (ס' השיחות תש"ה ע' 127 ואילך)) — שבנוגע אליהם אין לומר שסיבת מיתתם ביום אחר מלידתם הוא מצד שבא בהמשך (וגלגול) מאדם שלידתו הי' ביום אחר כו' (כמו ראב"ע שהוא גלגול שמואל הנביא, וי"ח שנותיו מצטרפים לנ"ב שנה של שמואל (ולכן נעשה בן שבעים — ראה סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) בהגדה של פסח פיסקא אמר ראב"ע. שמחת הרגל להחיד"א פיסקא הנ"ל))).

ואולי יש לומר — שבזמן המן עדיין לא נדרש דרש זה (שלידת משה הי' בז' אדר), ולא הי' ידוע גם לא לבנ"י. כי דוחק לומר שדרש זה הי' ידוע לכל בנ"י והמן (שידע כמה הלכות בתורה — ראה מגילה יג, סע"ב. טז, א. אסת"ר פ"ז, יב. ועוד) לא ידע מזה וכל היועצים שלו ("חכמיו" — אסתר ו, יג. וראה מגילה טז, א) לא ידעו מזה וכו'.

בארץ[17], וואָס איז געווען דורך משה רבינו („משה קיבל תורה מסיני כו'"[18]), און דער שלימות דערפון — דורך „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן דורך משה רבינו.

דעריבער קומט ז' אדר נאָענט צו פ' תרומה (און דעם יאָר — קומט עס אויס במוצאי שבת תרומה) — ווייל די פרשה גיט אַרויס דעם אינהאַלט פון „מעשיו כו' ועבודתו" פון משה רבינו, וואָס איז עולה און ווערט נתגלה אין ז' אדר — די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם". און אויך לאידך גיסא: אין ז' אדר שטייט בגלוי ביז „בקרב הארץ" דער אינהאַלט פון פ' תרומה — די עבודה פון משה „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

ג. איינע פון די ערקלערונגען אין דעם וואָס דוקא משה רבינו האָט גע־האָט דעם כח אויף „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם":

די מצוה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" (וואָס שליסט אין זיך איין אויך דעם ציווי אויף דעם בית המקדש ראשון, שני ושלישי[19]) איז אַ כללות־דיקע — זי דריקט אויס דעם תכלית הכוונה פון גאַנץ בריאת העולם: בכדי מאַכן די גשמיות'דיקע וועלט אַ „משכן" און „מקדש"[20] פאַרן אויבערשטן, ובלשון הידוע: אַ דירה לו יתברך בתחתונים[21]. דאָס הייסט: אַ „דירה" — אַן אָרט וואו דער אויבערשטער געפינט זיך בקביעות ובהתיישבות[22]; און „לו" לעצמותו[23], ווי מ'זעט עס כביכול ביי אַ דירה פון אַ בשר ודם — אַז ער געפינט זיך דאָרט מיט זיין גאַנצע עצמות ומהות, ביז אַמאָל — געפינט ער זיך דאָרט אָן לבושים[24]; און „בתחתונים" — אין עולם הזה התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

דאָס הייסט, כאָטש אַז „ועשו לי מקדש" איז נאָר איינע פון די תרי"ג מצוות[25] — שליסט עס אין זיך אָבער איין אַלע מצוות[26], וועלכע טיילן זיך אין די שלשה עמודים[27] שעליהם העולם עומד[28]: תורה עבודה וגמילות חסדים[29]:

תורה — ווערט אונטערשטראָכן אין דעם ערשטן פרט אין ציווי פון „ועשו לי מקדש": „ועשו[30] ארון גו' ונתת אל הארון את העדות (התורה[31])".

---

17) כמחז"ל (תנחומא וארא טו. שמו"ר פי"ב, ג) שבמתן תורה „בטל (הקב"ה) את הגזרה הראשונה, ואמר, התחתונים יעלו לעליונים והעליונים ירדו לתחתונים שנאמר (יתרו יט, כ) וירד ה' על הר סיני וגו'".

18) אבות רפ"א.

19) רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתן. וראה לקו"ש חט"ז ע' 302 ואילך. חכ"א ע' 149 ואילך.

20) דאיקרי משכן — עירובין ב, א.

21) תנחומא (וראה במדב"ר) שבהערה 8. תניא פל"ו.

22) ראה שמואל ב ז, ה־ז (בית לגבי אהל). מפרשים (חדא"ג מהרש"א, עיון יעקב לע"י, ועוד) לפסחים פח, א (בית לגבי הר ושדה). וראה לקו"ש ח"ו ע' 17 ואילך.

23) ראה מאמרי אדה"ז תקס"ה (כרך א) ע' תפט ואילך (עם הגהות — אוה"ת שה"ש (כרך ב) ע' תרעט ואילך). אוה"ת בלק ע' תתקצז ואילך. המשך תרס"ו ס"ע ג. ועוד.

24) ראה כתובות מח, א. שו"ע אה"ע סו"ס עו.

25) ולדעת הרמב"ם (סהמ"צ מ"ע כ) הוא כולל גם עשיית כלי המקדש. משא"כ הרמב"ן (בהשגותיו לסהמ"צ מ"ע לג) מונה עשיית כלי המקדש למצוה בפ"ע (ראה בכ"ז לקו"ש חי"א ע' 116 ואילך. וש"נ).

26) נוסף להריבוי מצוות התלויות במקדש.

27) אבות פ"א מ"ב.

28) ראה אוה"ת דרושים לפ' זכור ס"ע א'תשפ ואילך.

29) בהבא לקמן — ראה מכתב „בימים שבין יו"ד וט"ו בשבט" ש.ז. (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). וש"נ.

30) פרשתנו כה, י.

31) פרש"י שם, טז.

עבודה — „ועשו לי מקדש״, איז בכדי ער זאָל זיין אַ „בית לה׳ מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות״[32] — דער קו העבודה[33]. און „ביתי בית תפלה יקרא״[34] און „זה שער השמים״[35], אַלע תפלות זיינען געווענדעט און גייען אַרויף דורך דעם בית המקדש (און קודש הקדשים)[36].

גמילות חסדים — ווי דער ציווי פרטי באַלד נאָך „ועשו ארון״: „ועשית שלחן גו׳ ונתת על השולחן לחם״[37], וואָס דער בית המקדש איז געווען דער אָרט פון וועלכן דער אויבערשטער[38] האָט משפיע געווען אַלע זיינע חסדים[39] פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אידן במיוחד.

ד. וויבאַלד אַז „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״ איז אַזאַ ענין כללי, וואָס נעמט אַרום גאַנץ תורה ומצוות, דעריבער האָט דאָס געדאַרפט אויפגעמאַכט ווערן (דעם ערשטן מאָל) דורך אַזאַ וואָס איז אַן איש כללי, איינער וואָס שליסט אין זיך איין גאַנץ תורה ומצוות, און איז זיי משפיע צו אַלע אידן אָן אויסנאָם.

דער ערשטער וואָס איז געווען אין דער דרגא איז — משה רבינו:

משה רבינו איז געווען דער ערשטער נשיא ורועה ישראל, ווי זיי זיינען נהיית לעם[40] וועלכער האָט אין זיך כולל געווען אַלע אידן, כמחז״ל[41] „משה הוא ישראל וישראל הם משה לומר לך שנשיא הדור הוא ככל הדור כי הנשיא הוא הכל״[42], און האָט צו זיי משפיע געווען אַלע זייערע צרכים[43], סיי די גשמיות׳דיקע, און סיי די רוחניות׳דיקע — גאַנץ תורה און מצוות (אָנהויבנדיק פון מתן תורה וואָס איז געווען דורך משה רבינו),

ובכללות — ווי זיי טיילן זיך אין די שלשה עמודים, תורה עבודה וגמילות חסדים, וועלכע זיינען כנגד די שלשה קוים [און ספירות, חסד גבורה און תפארת], וועלכע זיינען אין זיך כולל אַלע [עשר ספירות, דער מקור פון אַלע] השפעות והמשכות, די רוחניות׳דיקע, און דערפון ווערן נשתלשל — די גשמיות׳דיקע[44].

ווי פאַרשטאַנדיק אויך פון דברי חז״ל[45], אַז „שלשה פרנסים טובים עמדו לישראל כו׳ משה ואהרן ומרים, וג׳ מתנות טובות ניתנו על ידם כו׳ באר בזכות מרים עמוד ענן בזכות אהרן מן בזכות משה״, און אַז נאָך הסתלקות מרים און אהרן האָט זיך אָפּגעשטעלט

---

32) רמב״ם הל׳ ביהב״ח בתחלתן.

33) תפלה, שבמקום קרבנות תיקנוה (ברכות כו, א־ב. זח״ב כ, ב), ונקראת עבודה (תענית ב, סע״א. רמב״ם הל׳ תפלה בתחלתן. סהמ״צ להרמב״ם מ״ע ה. רבינו יונה לאבות שם).

34) ישעי׳ נו, ז. וראה ירושלמי שבערה 36.

35) ויצא כז, יז ובפרש״י.

36) ראה ברכות ל, א. ירושלמי ברכות פ״ד ה״ה. רמב״ם הל׳ תפלה פ״ה ה״ג. טושו״ע (ודאדה״ז) או״ח סצ״ד ס״א־ב.

37) פרשתנו כב, ג. שם, ל.

38) ששוכן בכל עצמותו בביהמ״ק, כנ״ל בפנים.

39) ראה בחיי פרשתנו שם, ג. אוה״ת פרשתנו ע׳ א׳תעו ואילך. ושי״נ. וראה מכתב שבהערה 29. ושי״נ.

40) ואין זה כלל ענין המבואר באגה״ק ס״ז, ענין האבות וכו׳.

41) פרש״י חוקת כא, כא.

42) וכמ״ש שש מאות אלף רגלי העם אשר אנכי בקרבו (בהעלותך יא, כא).

43) ראה בהעלותך שם, יא ואילך. לקו״ת בהעלותך לא, ד. לג, ב. סה״מ תר״ס ע׳ קיב ואילך. סה״מ קונטרסים ח״ב שלג, ב ואילך. ועוד.

44) ראה תניא רפ״ג.

45) תענית ט, א.

דער באר מים און דער ענן — איז „חזרו שניהם בזכות משה"[46].

וואָרום אע"פ אַז משה איז געווען איינער פון די שלשה פרנסים, און האָט געהאַט זיין ספּעציעלן ענין — ירידת המן, וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט דעם ענין פון תורה[47] (קו האמצעי), כמחז"ל[48] עה"פ[49] „זכרו תורת משה עבדי" — „לפי שנתן נפשו עלי' נקראת על שמו" — איז ער אָבער אין זיך כולל אויך די אַנדע־רע צוויי קוים[50]: גמילות חסדים — וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך בארה של מרים, פון וועלכע אידן האָבן באַ־קומען מים (חסד), און קו העבודה — וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך די ענני הכבוד בזכות פון אהרן כהן גדול, ווי באַוואוסט אַז דער ענין פון אַ כהן (און זיכער אַ כהן) גדול איז „לעמוד לפני ה' לשרתו"[51] — דער ענין פון עבודה, עבודת הקרבנות.

און דעריבער האָט דוקא משה רבינו געהאַט דעם כח אויף אויפטאָן „ועשו לי מקדש", אַ מקום קבוע[52] פאַר דעם אויבערשטן — דורך דעם וואָס דאָס איז אַ בית קבוע וואו מ'דינט דעם אויבערשטן באופן של קביעות אין תורה עבודה וגמילות חסדים, וועלכע זיינען אין זיך כולל אַלע תורה ומצוות.

ה. און דער ענין פון משה רבינו („ועשו לי מקדש") שטייט בגלוי אין ז' אדר, זיין יום הולדת און יום הסתלקות, ווי געערעדט פריער אַז דעמולט שטייט בגלוי „כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד כל ימי חייו".

און נאָכמער — דעמולט ווערט נתגלה די „עצמיות" פון משה רבינו[53], וואָס זיין „עצמיות" פאַרבינדט זיך מיט דעם עצם פון דעם אויבערשטן[*53], וואָס שטייט בגלוי אין דעם מקדש, אָן לבושים המסתירים (בדוגמא ווי אַן אדם כביכול בדירתו, כנ"ל ס"ג)[54].

ו. דערביי שטעלט זיך די שאלה: אמת טאָקע מ'שטייט היינט אין שבת פ' תרומה, ערב ז' אדר — אָבער למאי נפק"מ די אַלע אויבנדערמאָנטע זאַכן צו אידן איצטער אין חושך כפול ומכופל

---

46) ואולי י"ל — באופן נעלה יותר מכמו שהיו ע"י מרים ואהרן — שהרי חזרו לאחרי הפסק, שלזה צריכים כחות נעלים יותר.

47) דלא ניתנה תורה כו' אלא לאוכלי המן (מכילתא ר"פ בשלח. שם טז, ד. יל"ש בשלח רמז רנח. ועוד).

48) מכילתא בשלח טו, א. תנחומא שם יו"ד.

49) מלאכי ג, כב.

50) היינו, שמשה יש בו ב' ענינים: כפי שהוא פרנס אחד בפ"ע, שבזכותו ירד המן (תורה), וכפי שהוא כולל כל הג' ענינים — מן, באר וענני הכבוד. ועד"ז הוא בנוגע לתורה (ענינו של משה): תורה היא קו אחד בין הג' קוים, ועד למצוה אחת בין התרי"ג מצוות, ולאידך — „תלמוד תורה" כולל (ומגלה) כל המצוות כולם.

51) עקב י, ח (וראה רמב"ם הל' שמיטה ויובל בסופן). וראה רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ד־ה.

52) שהרי „ועשו לי מקדש" כולל משכן ומקדש. אלא שבפרטיות — המשכן הוא אוהל, דירת עראי, בערך לביהמ"ק, דירת קבע (ראה שהש"ר פ"א, טז (ג). הנסמן בהערה 22).

53) ראה אגה"ק ביאור לסי' זך.

*53) ויש לקשר זה עם (שיעור חומש דיום ראשון ד)פ' ואתה תצוה את בני ישראל (שבו חל ז' אדר בשנה זו): בחי' „אתה" שבמשה — עצמותו של משה — „תצוה" (מלשון צוותא וחיבור) ומתקשר עם בני ישראל (ראה לקו"ש חט"ז ע' 351. חכ"א ע' 177 ואילך. וש"נ).

54) וי"ל שיומתק בזה החידוש שבכתוב: ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב (איוב א, כא). שבעת לידת האדם ובעת מיתתו (ובפרט משום ענין הטהרה) — ה"ה בלי לבושים, שזה מורה על גילוי העצם שלו.

פון גלות, ווען מ'האָט ניט דעם משכן און מקדש?

ווערט מען עס פאַרשטיין לויט דעם וואָס עס שטייט אין מדרש[55] בנוגע דעם פסוק „ועשו לי מקדש" — „כל מקום שנאמר לי אינו זז לעולם, לא בעולם הזה ולא לעולם הבא".

פרעגט מען די שאלה[56]: ווי זאָגט מען אַז „אינו זז כו' בעוה"ז" — ווען מ'זעט אַז ס'איז ניטאָ דער בית המקדש?

און מ'פאַרענטפערט[57], אַז אויך איצטער האָט מען די „מקדש מעט"[58], „אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות"[59].

און נאָכמער[60]: אויף „ושכנתי בתוכם" זאָגן חז"ל[61], „בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד"[62]. און דאָס איז דער עיקר הכוונה אין (און דער תכלית פון) „ועשו לי מקדש (כדי עס זאָל זיין) ושכנתי בתוכם"[63] — אַז יעדער איד זאָל ווערן אַ „משכן" בגלוי פון דעם אויבערשטן, דורך דעם וואָס ער ווערט דורכגענומען מיט תורה עבודה וגמילות חסדים, וואָס דעמולט זאָגט דער אויבערשטער און מבטיח „ושכנתי בתוכם", בתוך כל אחד ואחת.

און דעריבער זאָגט דער מדרש אַז „ועשו לי מקדש" „אינו זז לעולם, לא בעולם הזה כו'" — וואָרום דער (עיקר פון) „ועשו לי מקדש" איז „בתוך כל אחד ואחת", און דאָס איז דאָ „לעולם" — בכל זמן ובכל מקום[64]. ד.ה. בזמן שבית המקדש הי' קיים, און במקום שבית המקדש הי' קיים, און בזמן הגלות, און אין מקום הגלות — „ועשו לי מקדש", דורך בויען אַ „מקדש מעט", און בעיקר — דורך מאַכן פון זיך אַליין אַ „מקדש" לה'.

ז. דערפון איז פאַרשטאַנדיק, ווי די אויבנגערעדטע ענינים וועגן די עבודה פון משה רבינו פון „ועשו לי מקדש" — זיינען פאַראַן איצטער, כהודעת משה אין תורה שמסרה לנו, אַז „ועשו לי מקדש" „אינו זז לעולם":

דער פירוש אין „אינו זז לעולם" איז — נוסף אַז מ'האָט אַ זאַך וואָס פאַרבייט דעם מקדש און די עבודות אין מקדש (ווי תפלות במקום קרבנות תקנום) — אַז דער מקדש אַליין „רירט זיך ניט פון אָרט", מ'האָט דעם מקדש אַליין „לעולם", בכל זמן ובכל מקום[65]!

(55) ויק"ר פ"ב, ב. וראה מדרש שמואל פי"ט. ספרי בהעלותך יא, טז.

(56) ד"ה ועשו לי מקדש באוה"ת פרשתנו ע' א'תכד. ס"ע א'תמב. סה"מ תרפ"ה ע' קעח ואילך. שם ס"ע רעט ואילך. תש"ד ע' 150 ואילך. תש"ח ע' 132. ד"ה הנ"ל שנאמר בההתוועדות.

(57) אוה"ת שם ס"ע א'תמב. ע' א'תכה.

(58) יחזקאל יא, טז.

(59) מגילה כט, א.

(60) ראה דרושים שבהערה 56.

(61) ראה ראשית חכמה שער האהבה פ"ו קרוב לתחילתו (ד"ה ושני פסוקים). אלשיך עה"פ תרומה כה, ח קרוב לסופו (ד"ה עוד יתכן). של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב.

(62) והכוונה בזה היא לכל אחד ואחת, גם נשים (כמו שמצינו בכ"מ שכל אחד ואחד כולל גם נשים) — כמפורש בסד"ה ועשו לי מקדש תש"ד שם (ע' 156): אומר ועשו לשון רבים בהצווי בבנין המקדש לכל ישראל — דכל ישראל האנשים והנשים מחוייבים בבנין ביהמק"ד (רמב"ם הל' ביהב"ח פ"א הי"ב). ולהעיר שגם הנשים השתתפו בנדבות המשכן. ואדרבה — „ויבואו האנשים על הנשים" (ויקהל לה, כב), האנשים נטפלו להנשים (רמב"ן עה"פ. וראה גם ראב"ע בפירוש הקצר כאן. רבינו בחיי ומדרש הגדול כאן).

(63) בתש"ד שם „אף גם בזמן שבהמ"ק הי' קיים זאת היתה עיקר הכוונה".

(64) כידוע ש„לעולם" כולל זמן וגם מקום.

(65) וראה אנציקלופדי' תלמודית (כרך ג) ערך בית חוניו (וש"נ) להדיעה שלשם שמים נתכוון (מנחות קט, ב). ועצ"ע.

דורך דעם וואָס מ'האָט אַ „מקדש מעט" און דורך „ושכנתי בתוך כל אחד ואחת" — האָט מען אַ מעין און אַ דוגמא און נאָכמער — אַ זאַך וועלכע איז במקום פון דעם בית המקדש — נאָר דער ביהמ"ק אַליין איז אינו זז, מיטן עיקר השלימות פון ביהמ"ק — אַ בית און דירה פאַר דעם אויבערשטן, בכל עצמותו,

וואָרום אין דעם באַשטייט תכלית הכוונה פון בריאת העולם און יעדער פרט פון עולם — נתאוה הקב"ה להיות לו יתברך דירה בתחתונים, דעריבער מוז מען זאָגן אַז די כוונה מוז מען קע־נען דורכפירן בכל זמן ובכל מקום, סיי בזמן הבית און סיי בזמן הגלות, סיי אין ארץ ישראל און סיי אין חוץ לארץ.

ויש להוסיף, אַז „אינו זז לעולם" אונטערשטרייכט אויך, אַז די עבודה פון „ועשו לי מקדש" דאַרף זיין (נוסף על — בכל זמן ובכל מקום) באַ יעדער איד אָן אונטערשייד, מענער, פרויען און קינ־דער, און אויך אין יעדער פרט פון די עבודה פון אַ אידן, ד.ה. יעדער זאַך וואָס אַ איד טוט, צי אַ גרויסע זאַך אָדער אַ קליינע, צי אַ הייליקע זאַך, לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, אָדער אַ זאַך פון, להבדיל, דברי רשות (עסן, טרינקען וכו'), צי באַ זיך אין שטוב, אָדער באַ דער אַרבעט, אָדער אין גאַס — דאַרף ער דערפון מאַכן אַ מקדש פאַרן אויבערשטן[66].

און ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם משכן און מקדש אַליין, אַז אע"פ וואָס דאָס איז געווען איין משכן ומקדש, איז ער באַשטאַנען פון אַ סך טיילן, און מהם, מלמטה למעלה: „החיל, עזרת נשים, עזרת ישראל, עזרת כהנים, בין האולם למזבח, ההיכל, קודש ה־קדשים"[67]. ועד"ז אין משכן: דער חצר, דער אוהל מועד, דער קודש הקדשים. און אין זיי גופא — זיינען געווען פאַר־שידענע כלים וכו'. וואָס יעדערער פון די פרטים ווייזט אָן אויף אַ באַזונדער עבודה אין „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", און יעדער פרט שפּיגלט זיך אָפּ אין נפש האדם און אין די עבודה פון אידן — ווי ערקלערט אין ספרים.

וי"ל איין כללות'דיקן חילוק: די עבודה אין חצר המשכן אין פאַרגלייך צו די עבודה אין אוהל מועד און אין קודש הקדשים איז ענלעך צו דעם אונ־טערשייד צווישן די עבודה מיט דברי רשות, „כל מעשיך יהיו לשם שמים"[68] און „בכל דרכיך דעהו"[69], און די עבודה מיט דברי קדושה, לימוד התורה און קיום המצוות.

און איןביידע קצוות — דאַרף מען זיך אינגאַנצן אַריינלייגן אויף אויפמאַכן אַ משכן און מקדש לה', צוגעפּאַסט צו יעדער טייל פון זיין לעבן.

ח. דערפון האָט מען אַרויס אַ קלאָרע אָפּלערנונג פאַר יעדערן און יעדערע — און אין מעשה בפועל, המעשה הוא העיקר — אין די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם, בתוך כל אחד ואחת", אין אַן אופן פון „אינו זז לעולם"

— און יעדער איד באַקומט אויף דעם ספּעציעלע כחות פון דעם שבת פ'

---

66) וי"ל התחלת העבודה כל מעשיך לשם שמים, לאחרי זה — בכל דרכיך דעהו, לאח"ז — דירת (מקדש) הקב"ה בכל ענייניו.

67) כלים פ"א מ"ו. שם מ"ז ואילך. רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ז הי"ג ואילך (וראה לקו"ש חל"א ע' 149 ואילך).

68) אבות פ"ב מי"ב.

69) משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות פ"ג ה"ב־ג.

תרומה[70], ווען מ׳לייענט „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״, און פון זיין זיין ערב ז׳ אדר, דער יום הולדת און הסתלקות פון משה רבינו, וואס זיין עיקר עבודה איז באשטאנען פון „ועשו לי מקדש״ —

ווי מ׳האט לעצטנס מציע געווען און געבעטן[71], מיט א בקשה כפולה — אז יעדער איד, מאן פרוי און קינד, זאל באשטימען דעם קומענדיקן יאר אלס א זמן דהדגשת פון מאכן יעדע אידישע הויז און יעדער צימער, יעדער טישל און בענקעל וכו׳ — א „מקדש מעט״, א בית תורה תפלה און גמילות חסדים, א הויז און צימער וואו עס הערט זיך אן אין יעדער פרט פון הויז (אפילו וכולל אין די דברי רשות) ווי מ׳דינט דערמיט דעם אויבערשטן דורך תורה תפלה און גמילות חסדים, און דורך דעם זעט מען אנטפלעקטערהייט ווי דאס איז (כביכול) דעם אויבערשטן׳ס הויז און דעם אויבערשטן׳ס צימער, און דעם אויבערשטן׳ס טישל און בענקל אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט „ושכנתי בתוכם״, איך רו צווישן און אין אייך, אין אן אופן פון „אינו זז לעולם״ — פונקט ווי ס׳איז געווען אין משכן משה און מקדש ראשון ומקדש שני, און ווי ס׳וועט זיין בתכלית השלימות אין מקדש שלישי!

און טאן אין דעם אין אן אופן פון „אינו זז לעולם״ — אין יעדער זמן און מקום און פרט פון זיין עבודה: יעדער רגע פון טאג און אין יעדער ארט וואו ער געפינט זיך און מיט וועלכן ענין ער זאל נאר זיין פארנומען — מאכט ער א „משכן״ און „מקדש״ פארן אויבערשטן — סיי ווען ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות, טוט ער דאס לשמו מיט די כוונה פון מאכן א משכן ומקדש לה׳, א בית תורה תפלה וגמילות חסדים, און סיי ווען (להבדיל) ער עסט, טרינקט און שלאפט — טוט ער דאס „לשם שמים״ און „דעהו״, בכדי ער זאל האבן כחות אויף דינען דעם אויבערשטן אין תורה תפלה וגמילות חסדים.

און טוט דאס איין מאל, און נאכאמאל און נאכאמאל ביז אז „אינו זז לעולם״ שטענדיק.

ט. אין די בקשה איז ספעציעל געווענדעט צו קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, בכל מקום שהם — אז ער (זי) זאל מאכן זיין (איר) צימער, בעט, טישל וכו׳ — א „מקדש מעט״, בית תורה תפלה וגמילות חסדים.

און ספעציעל דורך דעם וואס דארט זאל זיך געפינען, אין אן ארט וואו אלע קענען זען — זיין (איר) אייגענער חומש (אדער אן אנדער ספר של תורה), סידור, און (להבדיל) צדקה פושקע (און דארט אנשרייבן „להשם[72] הארץ ומלואה״[73] און אונטער דעם (להבדיל) דעם קינד׳ס נאמען), אזוי אז יעדער טאג זאל ער זיי נוצן: לערנען אן ענין אין חומש (תורה), זאגן א תפלה אדער ברכה אין סידור, געבן געלט אין צדקה פושקע — כפשוט א חוץ שבת וימים טובים[74].

---

70) ובפרט בזמן רעוא דרעין בשבת זה — שאומרים אז „צדקתך צדק״, על ג׳ צדיקים שנפטרו בשעה זו משה וכו׳ (זהר פרשתנו קנו, א. טושו״ע או״ח סרצ״ב ס״ב. שו״ע אדה״ז שם ס״ה). וראה זח״ב פח, סע״ב ואילך: וההיא שעתא ברצון דעתיקא נפק נשמתי׳ (דמשה).

71) מכתב שבהערה 29. מכתב לכל ילדי ישראל „בימים שבין יו״ד שבט לט״ו בשבט״ (נדפסו לקמן ח״ב בהוספות). שיחות: אור לי״ג שבט (ב„יחידות״ הכללית): ש״פ בשלח, ט״ו בשבט (לעיל ע׳ 323 ואילך): ש״פ משפטים (לעיל ע׳ 337).

72) ל׳ הכתוב — תהלים כד, א.

73) ראה שיחת ש״פ בשלח (לעיל ע׳ 326) הערה 123.

74) ומצוה גוררת מצוה — לחנכם בעניני שויו״ט.

**און דערצו קומט די ספּעציעלע בקשה וכפולה — צו עלטערן, מחנכים און מחנכות, מדריכים און מדריכות, מנהלי מוסדות חינוך וכיו״ב שי׳:**

אין צוגאַב דערצו וואָס זיי אַליין, בתוככי כל בני ובנות ישראל, מאַכן זייער הויז אַ בית תורה, תפלה וגמילות חסדים —

**ליגט אויף זיי די אחריות, צוזאַמען מיט דעם גרויסן, גאָר גרויסן זכות — דער חינוך פון זייערע קינדער[75], איינגעשלאָסן צו ווירקן אויף זיי דאָס אויבנגעזאָגטע,** וואָס איז אַ הויפּט־נקודה אין מחנך זיין קינדער — איינוואָרצלען אין זיי די שלשה עמודים וואָס אויף זיי שטייען תורה ומצוות — תורה תפלה און גמילות חסדים, באופן של קביעות, אַזוי אַז „חנוך לנער על פי דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנה״[76], און בּאַ זיי וועלן די דריי עמודים אַלעמאָל זיין אַ קביעות אין זייער לעבן[77], „אינו זז לעולם״, אויך ווען זיי וועלן אויפשטעלן בעז״ה ובהצלחתו אייגענע הייזער און משפחות, קינדער און קינדס־קינדער, און — עד סוף כל הדורות.

75) להעיר מפתגם כ״ק אדמו״ר (מהורש״ב) נ״ע (ס׳ השיחות תורת שלום ע׳ 54. הועתק ממכתב כ״ק מו״ח אדמו״ר (אגרות־קודש שלו ח״א ע׳ קפח ואילך)): אַט אַזוי ווי הנחת תפילין בכל יום איז אַ מצוה דאורייתא אויף יעדער אידן, אָהן אַ חילוק צי אַ גדול בתורה צי אַ איש פשוט, אַט אַזוי איז אַ חוב גמור אויף יעדער אידן טראַכטן יעדער טאָג אַ האַלבע שעה וועגן דעם חינוך פון קינדער און טאָן אַלץ וואָס בכחו איז צו טאָן, און יתר מכפי כחו פועל זיין בּאַ די קינדער אַז זיי זאָלן גיין אין דעם דרך וואָס מ׳איז זיי מדריך.

76) משלי כב, ו.

77) קביעות בנפש — ראה אוה״ת ויגש שג, א ואילך. נ״ך (כרך א) ע׳ לז ואילך. סה״מ תר״פ־פ״א ע׳ יב. תרפ״ה ע׳ שמג. תש״ח ע׳ 287 ואילך. ועוד.

**און ס׳איז כדאי אַז די מדריכים און מדריכות שי׳ (כהנ״ל) זאָלן פרעגן בּאַ די קינדער פון צייט צו צייט, ובפרט אין יומין זכאין, ווי זיי באַנוצן זיך מיט זייער סידור, חומש און צדקה פּושקע.**

און עס קומט אויך די ווענדונג ובקשה וכו׳ — צו די אַלע צו וועמען עס וועלן דערגרייכן די ווערטער — אַז זיי זאָלן עס מפרסם זיין אומעטום, און ספּעציעל בּאַ די וואָס פאַרנעמען זיך מיט חינוך פון קינדער.

יו״ד. דער אויבערשטער זאָל העלפן און מצליח זיין, אַז דורך דעם וואָס אידן וועלן טאָן „זייער טייל״ אין „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״, באופן פון „אינו זז לעולם״ — זאָל (און וועט) דער אויבערשטער זיכער טאָן זיין טייל, און אַראָפּברענגען דעם בית המקדש השלישי, וואָס שטייט בנוי ומשוכלל למעלה[78] — דעם בית הבחירה, בהר בעיר ובארץ הנבחר[79].

**און די אַלע ענינים — וועט זיין דוקא** דורך דעם עם הנבחר, אידן (ובפרט נאָך די הקדמה פון „מעשינו ועבודתינו״[80] בזמן הגלות פון מאַכן אַ „מקדש מעט״ וואָס „אינו זז לעולם״),

**און מען וועט זען בגלוי ובתכלית השלימות ווי „ועשו לי מקדש״ איז „אינו זז לעולם״ — „מקדש[81] אד׳ כוננו ידיך ה׳ ימלוך לעולם ועד״[82],**

**במהרה בימינו ממש, און אין אַן אופן פון ממש ממש.**

78) פרש״י סוכה מא, סע״א. הנסמן בלקו״ש ח״ח ע׳ 418 הערה 64.

79) מכילתא בתחלתה (בא יב, א).

80) תניא רפל״ז.

81) בשלח טו, יז־יח. וראה זח״ג רכא, א. ועוד.

82) ועפ״ז יש להמתיק ההוספה בדברי המדרש — „אינו זז לעולם כו׳ ולא לעוה״ב״, דלכאורה מאי קמ״ל.



## משיחות ש"פ תצוה, פ' זכור, ופורים ה'תשמ"ז

### אַ ווענדונג ספעציעל צו אידישע קינדער און צו זייערע עלטערן און מחנכים שיחיו

א. מ'שטייט היינטי דרייסיק טעג פאַר חג הפסח, ווען עס הויבן זיך אָן די צוגרייטונגען צו פסח[2]. איינער פון די גאָר וויכטיקע און הויפּט־טיילן פון חג הפסח — וואָס דערצו דאַרף מען זיך אָנהויבן איצטער צוגרייטן — איז די ראָלע פון אידישע קינדער. אָנהויבנדיק באַם סדר של פסח — וואָס איז פאַרבונדן מיט „והגדת לבנך"[3] (ביז אַז על שם זה ווערט עס אָנגערופן „הגדה של פסח"[4]), ביז אַז „מצוה למהר להתחיל הסדר בשביל התינוקות של יישנו"[5], און דערצו טוט מען פאַרשידענע זאַכן און ענדערונגען פאַר און אינמיטן דעם „סדר" בכדי להתמי' התינוקות שישאלו[6], און דער „סדר" הויבט זיך אָן מיט „כאן הבן שואל מה נשתנה".

דעריבער שלאָגט מען פאָר: אַלס פאָרטזעצונג צו דעם פאָרשלאַג[7] אַז יעדער אידיש קינד, אינגעלע אָדער מיידעלע, זאָל האָבן זייער אייגענעם סידור, חומש (אָדער אַן אַנדער ספר של תורה), און (להבדיל) צדקה־פּושקע — וואָלט געווען זייער כדאי און זייער פּאַסיק — אַז פאַר חג הפסח זאָל יעדער אידיש קינד באַקומען זיין אייגענע „הגדה של פסח", און מה טוב — אַ „הגדה" באַגלייט מיט ציורים וכו' פון די פאַרשידענע מצוות און פּאַסירונגען (אין סיפור יציאת מצרים) וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דער „הגדה" — וואָס (די ציורים) מאַכן דעם אינהאַלט פון דער „הגדה" נאָך מער צוגענגלעך פאַר קינדער. און דאָרט אויך אָנשרייבן „להשם הארץ ומלואה", און אונטער דעם — דעם קינדס נאָמען, ווי באַם סידור און חומש כו'.

וואָס דורך דעם וואָס יעדער אידיש קינד וועט האָבן זיין אייגענע „הגדה" (ובפרט מיט ציורים) — וועט דאָס אים אַריינגעבן נאָכמער לעבעדיקייט אין פרעגן די „פיר קשיות" („מה נשתנה"), און זיך גוט צוהערן צו דעם ענטפער פון זיין פאָטער, און צו די אַנדערע טיילן פון דער „הגדה", וויבאַלד אַז דאָס איז — אַריינקוקנדיק בשעת מעשה אין זיין אייגענער שיינער „הגדה", און צוקוקן זיך צו די ציורים וכו'.

און דער אויבערשטער זאָל העלפן, אַז דאָס זאָל נאָכמער צואיילן אַז די „גרעסטע קשיא" פון אידן („בנים אתם לה' אלקיכם"[8]) — „עד מתי" וועט מען זיין אין גלות — זאָל פאַרענטפערט ווערן ותיכף ומיד מיט דעם גאָר „גרעסטן ענטפער" פון אבינו שבשמים, אַז „עבדים (איז) היינו (ל' עבר — געווען אַמאָל, און דערנאָך, אָבער אויך בעבר) ויוציאנו ה' אלקינו" — די גאולה האמיתית וה־

1) כי זהו משיחת פורים תשמ"ז. המו"ל.

2) טושו"ע (ודאדה"ז) או"ח הל' פסח ר"ס תכט.

3) בא יג, יח.

4) ראה הגדה של פסח עם לקוטי טעמים ומנהגים (הוצאת קה"ת, תשל"ג ושלאחריו) ע' ה.

5) שו"ע אדה"ז שם ר"ס תעב.

6) שם סל"א. סתע"ג סי"ד־טו. סל"ח. ס"מ. וש"נ.

7) במכתב לכל ילדי ישראל שי' „בין יו"ד וט"ו בשבט" ש.ז. (לקמן ח"ב בהוספות). שיחת ש"פ תרומה (לעיל ע' 347־8). ועוד.

8) ראה יד, א.

שלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

ב. פרשת זכור[9] („זכור את אשר עשה לך עמלק"[10]) לייענט מען אַלעמאָל אין דעם שבת פאַר פורים[11], בכדי „לסמוך[12] מחיית עמלק למחיית המן"[13].

ווי באַוואוסט, אַז די מלחמה מיט המן און זיינע מענטשן און דער נס והצלה פון פורים איז אַ פאָרזעצונג פון דער מלחמה מיט עמלק[14], וואָרום המן האגגי איז געווען מזרעו של עמלק[15]. און דערפאַר איז די קריאה פון יום הפורים[16] די פרשה פון מעשה עמלק („ויבא עמלק"[17]).

היינטיק'ס יאָר איז די סמיכות פון פ' זכור מיט פורים די סאַמע נאָענטסטע, ווי מעגלעך: פורים קומט אויס אין מוצאי שבת פרשת זכור (ויום ראשון), וואָס דעמולט גייט מען פון שבת פרשת זכור (מחיית עמלק) גלייך אַריין אין פורים און מקרא מגילה (מחיית המן) במוצאי שבת, בסמיכות ממש (וואָס נע־ענטער דערפון קען ניט זיין[18]) צו פרשת זכור.

וואָס דאָס איז אין צוגאָב דערצו, אַז אין אַזאַ קביעות איז שבת פרשת זכור אויך י"ג אדר, דער טאָג ווען „נקהלו היהודים", „לעמוד על נפשם"[19], אויף מלחמה האָבן מיט זייערע שונאים[20], „יום אשר שברו אויבי היהודים לשלוט בהם ונהפוך הוא אשר ישלטו היהודים המה בשונאיהם"[21], וואָס דעמולט איז געווען (ענלעך צו לשון חז"ל) דער „עיקר ה־נס"[22].

דאָס הייסט, אַז היינטיק'ס יאָר איז שבת פרשת זכור (את אשר עשה לך עמלק) גופא דער טאָג ווען אידן האָבן מלחמה געהאַט מיט המן'ס נאָכפאָל־גערס — אַ המשך פון דער מלחמה מיט עמלק[23].

ג. זכירת מעשה עמלק איז אַן ענין נצחי אין אַלע דורות, אין יעדער אָרט און אין יעדער צייט[24], ווי עס שטייט[25]

---

9) משיחת פ' זכור תשמ"ז. המו"ל.

10) תצא כה, יז־יט.

11) משנה מגילה כט, סע"א. רמב"ם הל' תפלה פי"ג ה"ב. טושו"ע או"ח סתרפ"ה ס"ב.

12) רש"י שם ד"ה ומפסיקין.

13) ובגמרא מגילה שם (ל, א) שקריאת פ' זכור היא ה„זכירה" הבאה לפני ה„עשי'" בפורים („נזכרים ונעשים" — אסתר ט, כח). וראה רמב"ן ס"פ תצא ב־נוגע לקריאת פ' זכור בשבת לפני פורים — שיש מזה סמך למקרא מגילה מן התורה. וראה אנציקלופדי' תלמודית (כרך יב) ערך זכירת מעשה עמלק (ע' רכ).

14) כפירוש חז"ל עה"פ „מלחמה לה' בעמלק מדור דור" (תרגום ירושלמי ס"פ בשלח. פסיקתא דר"כ ס"פ זכור) ש„דור דור" כולל „דור מרדכי ואסתר".

15) ראה חינוך מצוה תרג: ודין הי' לקרותה (פ' זכור) ביום הפורים לפי שהוא מענינו של יום כי המן הרשע הי' מזרעו (תרגום ותרגום שני למג"א ג, א).

16) משנה מגילה ל, סע"ב. ובמג"א או"ח סתרפ"ה — שבזה יוצא מ"ע דקריאת פ' זכור.

17) בשלח יז, ח ואילך.

18) כי פורים אינו חל בשבת לפי קביעות השנים בזמן הזה. וגם באם הי' חל בשבת (בזמן שהיו מקדשין ע"פ הראי') — יש דיעה שמקדימין פ' זכור לשבת שלפני פורים (מגילה ל, א).

19) אסתר ט, ב; ח, יא. וראה שם ט, טז.

20) ומשום זה תקנו תענית אסתר (רא"ש ור"ן מגילה רפ"א. טואו"ח סתרפ"ו).

21) אסתר שם, א.

22) רש"י ד"ה זמן קהלה — מגילה ב, א.

23) וראה רא"ש, ר"ן וטור שם, שתענית אסתר (בי"ג אדר) הוא משום שבו נקהלו היהודים לעמוד על נפשם והיו צריכים רחמים וגזרו תענית (ראה תנחומא בראשית ג. שאילתות סז) — כמו שמצינו במשה שעשה תענית כשנלחם בעמלק (תנחומא בשלח כז).

24) נוסף על זה שכל התורה היא נצחית (תניא רפי"ז. ועוד).

25) ס"פ בשלח.

„מלחמה לה' בעמלק מדור דור"[26] [וב־פרט אין „דרא (דעקבתא) דמשיחא", וואָס איז איינער פון די אויסגעטיילטע (כללות'דיקע) דורות פון מלחמת עמ־לק[27]], און ווי דער רמב"ם פסק'נט[28], אַז ס'איז אַ מצות עשה מן התורה „לזכור תמיד מעשיו הרעים"[29], און לויט כמה דיעות איז זכירת מעשה עמלק אַ מצוה בכל יום[30]:

און אויך זכירת מעשה המן איז אַ מצוה בכל שנה ושנה[31] בימי הפורים דורך מקרא מגילה, „הימים האלה נזכ־רים ונעשים בכל דור ודור גו', וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם"[32], „בימים ההם בזמן הזה"[33]. ובפרט לויט תורת ה־בעש"ט[34] אינעם מאמר המשנה[35] „הקורא את המגילה למפרע לא יצא", אַז אויב מ'לייענט די מגילה „למפרע", מ'מיינט אַז דאָס איז אַ סיפור וואָס האָט (נאָר) אַמאָל פּאַסירט — איז „לא יצא"[36]:

דער תכלית פון קריאת המגילה איז אָפּצולערנען זיך פון איר ווי אַ איד דאַרף זיך פירן איצטער.

דאָס הייסט: די כוונה אין זכירת מעשה עמלק (דורך לייענען פ' זכור), און זכירת מעשה המן הרשע (דורך לייענען די מגילה) — איז בכדי עס זאָל זיין „נזכרים ונעשים", יעדער איד זאָל זיך דערמאָנען אין די אַלע זאַכן בכדי מ'זאָל זיי איצטער איבערלעבן ביז אַראָפּברענגען אין מעשה בפועל אין דינען דעם אויבערשטן.

וואָס דערצו — דאַרף מען זיך פריער אַריינטראַכטן אין וואָס איז באַשטאַנען די מלחמה און התנגדות און גזירה פון עמלק און המן הרשע, במילא קען מען דערפון וויסן אין וואָס איז באַשטאַנען די הצלה און נס, וועלכע מ'דאַרף איצטער איבערלעבן און אין וואָס מ'דאַרף זיך שטאַרקן ביז אין עבודה במעשה בפועל.

ד. דער עיקר מלחמה און התנגדות פון עמלק און המן איז געווען (ניט אַזוי אויף די רוחניות און נשמה פון אידן, נאָר) אויף דעם עצם קיום פון דעם

26) וכן נצטווה משה „כתוב זאת זכרון בספר" (בשלח יז, יד), ו„כל דבר שכתוב בתורה הדבר הוי נצחי" (צפע"נ מהד"ת ע' 134. ועד"ז שם סה, א. ועד"ז כ' בצפע"נ תרומות בהשמטות ע' 120 (הובאו במפענ"צ פ"ה סי"ב. וש"נ)).

27) תרגום יונתן עה"פ.

28) הל' מלכים פ"ה ה"ה.

29) ובמנין המצוות בתחלת ספר היד (מ"ע קפט): לזכור מה שעשה לנו עמלק תדיר. וראה סהמ"צ שם.

30) ס' חרדים מ"ע התלויות בפה פ"ד סכ"א בדעת הרמב"ם והסמ"ג. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סי' ס סעיף ד. וש"נ. אנציקלופדי' תלמודית שבהערה 13 ע' רכב. לקו"ש חי"ט ע' 221. וש"נ. וראה תו"א פרשתנו ד"ה זכור את אשר עשה לך עמלק (פד, ב): ומלחמה זו היא בכל דור ודור בבחי' כל נפש מישראל, כי הנה בכל דור ודור ובכל יום ויום חייב אדם לראות א"ע כאלו הוא יצא ממצרים (משנה פסחים קטז, ב), ולכן מזכירין יצ"מ בכל יום בוקר וערב כו', ואחר יצ"מ עומד לנגדו מלחמת עמלק כו' [ועפ"ז צ"ע מדוע זכירת מעשה עמלק אינה פעמיים בכל יום כמו זכירת יצ"מ].

31) ומכיון שהוא חלק ממצות זכירת עמלק — יש לומר שהיא מצוה תמידית, כמו מצות זכירת עמלק. בסגנון אחר: כשמקיים מצות זכירת עמלק ומחיית זכר וזרע עמלק — מקיים זכירת המן.

32) אסתר ט, כח. וראה רמב"ם סוף הל' מגילה.

33) נוסח „ועל הנסים".

34) כתר שם טוב (הוצאת קה"ת) סע"ח.

35) מגילה רפ"ב.

36) וי"ל הפירוש לחידודי: „לא יצא" מגזירת המן שבדורו, נגד „דתיהם שונות מכל עם", נגד יהודים — מודים בהשם וכל התורה כולה — מגילה יג, רע"א. קידושין מ, א. כי בכל דור ודור עומדים עלינו כו' (הגש"פ פיסקא „והיא שעמדה").

אידישן פאַלק — אַ מלחמה מיט דעם אידישן קערפּער, דער גוף, און די גשמיות פון אידן[37] (אין וועלכע אידן זיינען, לכאורה, ענלעך בחיצוניות צו ניט־אידן[38]), „להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים"[39] (ווי ערקלערט אין אַ פריערדיקע רייד[40]).

און דערפאַר זיינען אידן געגאַנגען מלחמה האָבן — אַ מלחמה גשמית — מיט עמלק בדורו של משה און מיט המן (עמלק) בדורו של מרדכי ואסתר — צוליב הצלת נפשות בפשטות („נקהלו ועמוד על נפשם") פון דעם גאַנצן אידישן פאַלק; און אַזאַ מלחמה אַז מ'איז אויסן אינגאַנצן מבטל זיין עמלק און המן („תמחה את זכר עמלק מתחת השמים"[41]) — ווייל זיי שטעלן איין אין סכנה דעם עצם קיום פון דעם לעבן פון עם ישראל, „נצח[42] ישראל לא ישקר"[43]. און דאָס איז אַ מלחמה ניט נאָר פון אידן למטה — נאָר „כי יד על כס י־ה מלחמה לה'"[44].

וואָרום דעם אויבערשטן איז נוגע דער קיום פון דעם גוף הגשמי פון אַ אידן[45].

און דערפאַר איז פורים באַשטימט געוואָרן אַלס אַ „יום משתה ושמחה"[46] — אַ סעודה ושמחה גשמית פון דעם אידישן גוף הגשמי, וואָס „גופא דילהון קדישא"[47], און „משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים"[48] — מצוות מיט דברים גשמיים פאַרבונדן מיט הנאה פון דעם אידישן גוף[49] — וואָרום פורים איז דער יום טוב פון דעם אידישן גוף הגשמי וועלכע פרייט זיך מיט זיין הצלה און נצחון איבער זיינע שונאים.

ה. דערמיט איז פאַרשטאַנדיק פאַרוואָס זכירת מעשה עמלק און מעשה המן איז אַן ענין נצחי בכל דור ודור — וואָרום די מלחמה והתנגדות פון עמלק און המן איז (ניט אין אַ קליינעם פּרט, נאָר) אין דער תכלית הכוונה פון דער גאַנצער בריאה און פון די עבודה פון אַ מענטשן — וואָס תכליתה איז ניט רוחניות אַליין, נאָר אַז די נשמה זאָל אַראָפּקומען אין אַ גוף גשמי, בכדי מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים[50], אין עולם הזה הגשמי והחומרי, און בעיקר ניט דורך מבטל זיין גשמיות העולם, נאָר בכדי דערפון גופא מאַכן אַ דירה פאַרן

---

37) לבוש הובא בב"ח וט"ז או"ח ר"ס עת"ר. וראה סה"מ תרפ"א ע' קצא. תש"ח ע' 118. שיחת פורים תש"א. לקו"ש ח"א א' 212. וראה לקו"ש ח"ג ע' 917 ואילך — שי"ל שעפ"ז מובן הטעם לגזירת המן על הד' ענינים דתורה, יום טוב, מילה ותפילין, כי מצוות אלו הם בעיקר בגוף הגשמי ועל ידם ניכר ההבדל בין גופי בני ישראל וגופי אוה"ע, עיי"ש. וראה שם ע' 922 הערה 21 שי"ל שזהו ענינה של קליפת עמלק.

38) תניא פמ"ט: הגוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם.

39) אסתר ג, יג.

40) שיחות ש"פ משפטים (לעיל ע' 330 ואילך).

41) ס"פ תצא — פרשת זכור.

42) שמואל־א טו, כט — הפטרת פרשת זכור.

43) וי"ל שזהו הביאור שמדת הנצחון נוגע בעצם המלך, ולכן מבזבז המלך כל האוצרות (גם של אבותיו) הכמוסים וחתומים מעין כל רואה לנצחון מלחמה (המשך באתי לגני הי"ת פי"א ואילך) — כי זוהי סכנה לחיי נפשו, קיום מציאותו, וקיום כל הדורות הבאים לפניו ולאחריו.

44) שאין שמו שלם ואין כסאו שלם עד שימחה שמו של עמלק כולו (פרש"י ס"פ בשלח. תנחומא ס"פ תצא. ועוד).

45) שבחירת העצמות היא דוקא בגוף הגשמי — ראה שיחת ש"פ משפטים (לעיל ע' 332) וש"נ.

46) אסתר ט, יז־יח.

47) זח"ג ע, ב.

48) אסתר שם, כב.

49) ראה לעיל ע' 330.

50) ראה תנחומא נשא טז. תניא פל"ו. ועוד.

אויבערשטן, דורך קיום המצות מיט דברים גשמיים דוקא, און מברר און מזכך זיין גשמיות העולם און מאַכן דערפון אַ כלי צו אלקות: תפילין פון קלף גשמי, פון אַ סעודה סתם אַ סעודת מצוה (סעות פורים וכו׳).

און צו דעם און געגען דעם איז געווען דער עיקר מלחמה און התנגדות פון עמלק און המן, כנ״ל. דעריבער דאַרף זיין „מלחמה לה׳ בעמלק מדור דור״ — צו מלחמה האָבן מיט די וואָס שטערן צו אויספירן די תכלית הכוונה פון ירידת הנשמה בגוף און מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים, אין עוה״ז הגשמי.

ויש לומר, אַז דאָס איז איינער פון די טעמים פאַרוואָס בנין בית המקדש איז אָפּהענגיק אין דעם אַז פריער זאָל זיין „להכרית זרעו של עמלק״ (און נאָך פריער — „להעמיד להם מלך״)[51] — ועד״ז איז אויך געווען בדור משה[52], אַז „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״[53] איז געווען נאָך דער מנוחה פון מלחמת עמלק (און נאָך דעם וואָס משה רבינו איז געוואָרן אַ מלך[54]):

דער בית המקדש („ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״) דריקט אויס די תכלית הכוונה פון גאַנץ בריאת העולם: בכדי מאַכן די גשמיות׳דיקע וועלט אַ „משכן״ און „מקדש״ פאַרן אויבערשטן, אַ דירה לו יתברך בתחתונים[55].

און דעריבער, בכדי מ׳זאָל דאָס קענען אויפטאָן בשלימות — האָט מען פריער געדאַרפט אַראָפּנעמען און מבטל זיין די התנהגות און מלחמה פון עמלק (ניט אַזוי קעגן רוחניות און נשמה, נאָר) קעגן דעם ענין פון עבודה מיטן גוף הגשמי (און אין גשמיות העולם).

און דערפון איז די אָפּלערנונג „דור דור״ — אַז אידן דאַרפן זיך שטאַרקן ספּעציעל אין די עבודה פון אַ נשמה

---

51) סנהדרין כ, ב וברש״י שם ד״ה שלש מצות. וראה בארוכה לקו״ש חט״ז ע׳ 301 ואילך. וש״נ.

52) ראה לקו״ש שם ע׳ 302 ואילך. וראה שם הערה 49 וע׳ 308 — שכן יהי׳ בבנין בית שלישי ע״י מלך המשיח, לאחרי שילחום מלחמת ה׳, כולל מלחמת עמלק.

53) תרומה כה, ח. וציווי זה כולל הציווי גם על בית ראשון, שני ושלישי — רמב״ם הל׳ ביהב״ח בתחלתן.

54) „משה רבינו מלך הי׳״ — רמב״ם הל׳ ביהב״ח פ״ו הי״א. פרש״י (ור״ח) שבועות טו, רע״א.

55) וי״ל שזהו גם הטעם, שעל „ועשו לי מקדש״ נאמר „כל מקום שנאמר לי אינו זז לעולם״, באופן נצחי בכל זמן ובכל מקום, גם בגשמיות (כפירוש הפשוט ב„אינו זז לעולם״) — ע״י עשיית „מקדש מעט״ (ראה בארוכה שיחת ש״פ תרומה (לעיל ע׳ 345 ואילך. וש״נ). ומכיון שבנין ביהמ״ק תלוי בכריתת זרעו של עמלק — גם מצות מחיית עמלק הוא ציווי תמידי בכל הדורות כנ״ל בפנים.

וב׳ ענינים אלו — מלחמת עמלק ועשיית המשכן — נעשו בכחו של משה רבינו, כמבואר (לעיל ע׳ 42־340) הטעם לזה (שעשיית המשכן הי׳ דוקא ע״י משה, כי משה הוריד השכינה לארץ (שהש״ר עה״פ ה, א), ועפ״ז גם מובן הטעם שמלחמת עמלק היתה בכחו של משה — כי תוכן מלחמה זו הוא בענין הצלת ונצחון גוף הגשמי וגשמיות העולם, וזוהי הכנה להקמת המשכן.

ויש לקשר זה עם שבת זו — שבה נתעלה בשלימותו („ויכולר״) ז׳ אדר, יום הולדת ויום הסתלקותו של משה רבינו (מגילה יג, ב), היום שעבודת משה היא בתכלית השלימות, הן שלימות מצד יום לידתו והן שלימות מצד יום הסתלקותו (ראה לעיל ע׳ 2־341. 344).

נוסף על זה שכל שבת יש בו שייכות מיוחדת עם משה — כמבואר הפירוש ב„ישמח משה במתנת חלקו״ (שאומרים בתפלת העמידה דשחרית בשבת), שביום השבת חוזרין ונותנין למשה חלקו (האלף אורות) שניטל ממנו ע״י חטא העגל (סידור האריז״ל במקומו. פע״ח שער השבת פ״ח. תו״א א, ב. מאמרי אדה״ז תקס״ה (כרך ב) ס״ע תשי ואילך. ועוד).

בגוף דוקא, די עבודה אין גשמיות הע־ולם, צו מאַכן דערפון אַ דירה פאַרן אויבערשטן, „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

ו. דאָס אויבנגעזאָגטע איז ספּעציעל אונטערשטראָכן אין דער קביעות פון הײַנטיקן יאָר — ווען י"ג אדר, דער טאָג ווען „נקהלו ועמוד על נפשם", קומט אויס אין דעם טאָג פון שבת[56]:

אין סתם יאָרן איז י"ג אדר דער טאָג פון תענית אסתר, וואָס מ'האָט קובע געווען צוליב דעם וואָס אין דעם טאָג איז געווען „נקהלו ועמוד על נפשם", און מ'האָט געדאַרפט האָבן רחמים, האָט מען דעמולט גוזר געווען אַ תענית ביום זה[57].

ווען דאָס קומט אויס שבת — דעמולט פאַסט מען דאָנערשטאָג[58], ווייל שבת „אין עצב עמה"[59], ואדרבה — מצוה לענגו באכילה ושתי'[60].

האָט מען גערעדט פיל מאָל, אַז מ'קען ניט זאָגן אַז אין אַזאַ קביעות[61] פעלן, ח"ו, די מעלות וואָס זיינען דאָ אין תענית אסתר (אָדער אַן אַנדער תענית)[62] — די מעלה פון „יום רצון לה'"[63] און די אַנדערע עילויים וואָס אַ תענית טוט אויף; ובפרט אַז דאָס איז אַ טאָג פון שבת קודש — קען מען דאָך ניט זאָגן, אַז צוליב דעם וואָס עס קומט צו אַ מעלה אין דעם טאָג, אַז ס'איז שבת קודש, זאָל דורך דעם פעלן אַן אַנדער מעלה, און דערצו נאָך אַ מעלה חשובה!

מוז מען זאָגן, אַז אין אַזאַ קביעות פעלט נאָר דער עינוי פון העדר האכילה ושתי' פון תענית אסתר; אָבער דער עילוי פון „יום רצון לה'" האָט מען דעמולט בתכלית השלימות, ואדרבה: מ'האָט עס דעמולט דורך אכילה ושתי' ביום השבת (משא"כ אין אַנדערע יאָרן האָט מען עס נאָר דורך עינוי בהעדר האכילה ושתי'), וואָס דאָס גיט צו אַ שלימות אין דעם „יום רצון לה'" — כ־ידוע אַז דער שלימות פון רצון איז ווען דאָס איז פאַרבונדן מיט תענוג, און דאָס האָט מען ביום השבת, וואָס עניני איז עונג, „וקראת לשבת עונג"[64], מצוה ל־ענגו באכילה ושתי'.

ז. די ערקלערונג אין דעם:

איינע פון די מעלות אין אַ יום תענית איז — ווי דוד המלך זאָגט אין תהלים[65]: „לחיותם ברעב", ווי חסידות טייטשט דאָס אָפּ[66], אַז דורך דעם „רעב" (וואָס קומט פון ניט עסן און טרינקען) פון דעם ווערט מען באַלעבט („לחיותם") און מיט אַ העכערע דרגא אין חיות (העכער ווי די חיות וואָס קומט דורך עסן און טרינקען).

און מ'קען דאָס מסביר זיין בפשטות — לויט חכמת הטבע והרפואה, און ווי יעדערער פאַרשטייט עס בנוגע צו זיך

56) נוסף על האמור לעיל (סעיף ב) שזה מחזק השייכות בין פ' זכור ופורים בשנה זו.

57) כנ"ל הערה 23.

58) רא"ש, ר"ן וטור שבהערה 20.

59) משלי י, כב. ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ז. הובא בתוד"ה מאן דאמר — מו"ק כג, ב.

60) ראה רמב"ם הל' שבת פ"ל. טושו"ע או"ח סרמ"ב ובנ"כ שם. שו"ע אדה"ז או"ח שם.

61) שהיא קביעות ע"פ תורה, וע"פ מהלך הלבנה כו' שבטבע הבריאה שברא הקב"ה.

62) ראה גם שיחת ש"פ בלק, י"ז תמוז (נדחה) תשל"א.

63) ישעי' נח, ה. אגה"ת ספ"ב.

64) ישעי' נח, יג.

65) לג, יט.

66) ראה לקו"ת שה"ש יד, ב. מאמרי אדה"ז תקס"ד ע' קלח. מאמרי אדהאמ"צ ויקרא ח"א ע' ר.

אַליין („מבשרי[67] אחזה")[68]: געוויינלעך באַקומט אַ מענטש חיות פון עסן, וואָס דער עסן ווערט דערנאָך דם וכו' וואָס באַלעבט דעם מענטשן. אָבער בשעת אַ מענטש פאַסט — באַקומט ער דעמולט זיין חיות פון דעם דם וואָס ער האָט פון דעם וואָס ער האָט פריער געגעסן. ובסגנון אחר: ער ווערט דעמולט באַלעבט פון חיי המוח והלב, די חיות וואָס ווערט נמשך פון מוח אין לב, און פון לב — אין אַלע אברי הגוף.

לויט דעם קומט אויס, אַז אין אַ יום אכילה ווערט אַ מענטש באַלעבט פון (דעם חיות פון) די מאכלים וואָס זיינען דומם, צומח אָדער חי[69]; אָבער אין אַ יום תענית ווערט ער באַלעבט גלייך פון דעם דם און חיות (וואָס איז שוין געוואָרן דם הוא הנפש[70]) פון דעם מדבר[71], וואָס דאָס איז אַ סך אַ העכערע דרגא אין חיות ווי די חיות פון דומם, צומח און חי[72] — ווי ערקלערט אין ספרים[73], אַז עס זיינען דאָ דרגות אין חיות, זו למעלה מזו: נפש הדומם, נפש הצומח, נפש החי, און נפש המדבר. וואָס דער נפש הדומם איז אַ נידעריקערע דרגא און מער באַהאַלטענע חיות ווי אין נפש הצומח (דערפאַר זעט מען ניט אָן קיין ענדערונג אין אַ דומם, משא"כ אַ צומח וואַקסט), און נאָך העכער און מער אַנטפּלעקט איז די חיות אין נפש החי (וואָס באַוועגט זיך), און שלא בערך נאָך העכער און מער אַנטפּלעקט איז די חיות אין נפש המדבר (וואָס האָט אויך שכל וכו').

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אַ איד, וואָס האָט אַ גוף קדוש[74], בפרט נאָך ווען ער איז מקיים אַ סך מצוות מיט זיין גוף הגשמי, ווערט דאָס אַ גוף וואָס איז דורכגענומען מיט חיי הנשמה, מיט תורה ומצוות און מיט אידישקייט[75] — איז דאָך פאַרשטאַנדיק דער אין ערך צווישן די חיות וואָס ער באַקומט אין אַ יום תענית גלייך פון דעם דם פון זיין

67) איוב יט, כו.

68) בהבא לקמן — ראה גם שיחת צום גדלי' תשמ"ו.

69) ולהעיר שהתכונות של הדבר הנאכל משפיעות על האדם האוכל (ראה רמב"ן שמיני יא, יא. בחיי שם, יג. עקידה ואברבנאל שם. רמב"ן ראה יד, ג. רמ"א יו"ד ספ"א ס"ד. ועוד. וראה ס' המאמרים אידיש ע' 56 ואילך. ועוד).

70) ראה יב, כג.

71) ואף שגם דם זה נעשה ממאכלי דצ"ח (שאכלם לפני התענית) — הרי זה לאחרי שכבר נתעכל כו' המאכל לגמרי ונעשה כבר מזמן דם מזוכך של האדם. משא"כ ביום האכילה — החיות היא גם מהדם, אבל מכיון שהוא סמוך לזמן האכילה, עדיין לא נזדכך הדם בשלימותו, ויש בו עדיין ההשפעה מדצ"ח שממנו נעשה הדם (ראה הערה הקודמת). ולהעיר מביאור המפרשים בטעם איסור אכילת דם שהוא הנפש (רמב"ן ואוה"ת אחרי יז, יא. חינוך מצוה קמח בתחלתה. עקידה אחרי שער מו. אברבנאל ראה יב, כג. וראה לקו"ש חי"ד ע' 51).

72) ואין לזה סתירה מהמבואר (ל"ת להאריז"ל עקב ח, ג. כש"ט סי' קצד. לקו"ת צו יג, סע"ב ואילך. ועוד) שהמדבר מקבל חיות מדצ"ח, כי „מוצא פי הוי'" שבדצ"ח הוא מעולם התהו שלמעלה מ„מוצא פי הוי'" שבמדבר שהוא מעולם התיקון — שהרי שרש עולם התיקון הוא למעלה גם מעולם התהו (ראה תו"ח וישלח מג, ד ואילך. אוה"ת שם רלא, ב ואילך. תבוא ע' תתרלו ואילך. קיצורים והערות לתניא ע' מט ואילך. סה"מ עת"ר א' מא ואילך).

73) עץ חיים שער מ"ן ומ"ד דרוש ג'. סהמ"צ להצ"צ שרש מצות התפלה פמ"ח (קמו, סע"א ואילך).

74) ובלשון הזהר: גופא דילהון קדישא (כנ"ל הערה 47).

75) וגם ההוספה בחיות דנה"א ע"י אתכפיא דנה"ב — „משכני אחריך נרוצה" (שה"ש א, ד) — לשון רבים (ראה לקו"ת ויקרא ב, סע"ד ואילך. מאמרי אדה"ז: כתובים כרך ב ע' כט: אתהלך־לאזניא ע' קסט. אוה"ת שה"ש כרך ג ס"ע תתטז ואילך).

אידישן און הייליקן גוף, לגבי די חיות וואָס ער באַקומט אין אַ יום אכילה פון (נפש וחיות ה)דומם, צומח וחי. ד.ה. אַז דעמולט איז „לחיותם ברעב" — דוקא דורך דעם „רעב" (ניט עסן), ווערט „לחיותם", אַ העכערע חיות ווי די וואָס קומט דורך אכילת דומם צומח וחי.

ח. דער ענין אין עבודת האדם:

יעדער מענטש ווייסט, אַז זיין טאָג טעגלעכער לעבן טיילט זיך אין צוויי טיילן (אין אַלגעמיין): די צייט ווען ער דאַוונט צום אויבערשטן, לערנט תורה, גיט צדקה און איז מקיים אַנדערע מצוות; און די צייט ווען ער פאַרנעמט זיך מיט וועלטישע זאַכן, עסן, טרינקען, שלאָפן א.ז.וו.

וואָס כאָטש אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן, און יעדער פרט פון וועלט — דומם, צומח, חי ומדבר — האָט אין זיך אַ נפש פון דעם אויבערשטן, דעם דבר ה', וואָס באַלעבט אים און גיט אים חיות, פונדעסטוועגן האָט דער אויבערשטער אויסגעשטעלט אַז אין דעם זאָלן זיין חילוקים און דרגות (ווי גערעדט פריער, די חילוקים צווישן דעם חיות פון אַ דומם, צומח, חי און מדבר), און בכללות — דער חילוק צווישן דעם חיות אלקי וואָס איז זיך מתלבש צו מהווה זיין די נבראים (דומם צומח חי ומדבר) און דעם חיות אלקי אין הייליקע זאַכן (דברי קדושה), תורה, תפלה, צדקה, און מצוות[76] בכלל[77].

דאָס הייסט, אַז אויך אין אַ מאכל גשמי (פון דומם צומח אָדער חי) איז דאָ דער דבר ה' וואָס באַלעבט די זאַך, כמ"ש[78], „לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי אם על כל מוצא פי הוי' יחי' האדם", און ווי מ'זאָגט אין ברכת „שהכל"[79] — „שהכל נהי' בדברו": אָבער זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז דער „מוצא פי הוי'" אין דעם לחם[80], איז כביכול נידעריקער און מער באַהאַלטן ווי דער דבר ה' און אלקות אין אַ דבר של קדושה, תורה און מצוות.

און אין אַ יום תענית באַווייזט אַ איד (דורך ניט עסן און טרינקען), אַז „לחיותם ברעב" — זיין חיות איז ניט אין און פון („מוצא פי ה'" וואָס איז נתלבש געוואָרן אין) גשמיות העולם (דומם, צומח וחי), ער עסט דעמולט ניט, און טרינקט דעמולט ניט, נאָר זיין חיות איז אין און פון רוחניות און קדושה — דאַוונען צום אויבערשטן, לערנען תורה, געבן צדקה, ווי אידן פירן זיך אין אַ יום תענית[81]. וע"ד הלשון פון דעם נביא[82] „לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע את דברי ה'".

ט. דערמיט וועט מען פאַרשטיין דעם אויפטו פון קביעות שנה זו — ווען י"ג אדר קומט אויס ביום השבת:

---

76) שהם חכמתו ורצונו של הקב"ה.

77) החילוק ע"ד החסידות בין החיות דדברים גשמיים והחיות דדברי קדושה (מצוות) — ראה בארוכה תו"א מגלת אסתר ד"ה יביאו לבוש מלכות. שערי אורה ד"ה הנ"ל פ"ה ואילך (ובקיצורים לשם). סה"מ תש"ט ע' 148 בהערה. ועוד.

78) עקב ח, ג.

79) וראה רמב"ם הל' ברכות פ"ח ה"י (בהשיעור רמב"ם דיום זה להלומדים ג' פרקים ליום): על כולם אם בירך שהכל — יצא.

80) וכל הסעודה (ודברי מאכל) קרוי' לחם (ראה רש"י ויצא לא, נד. אמור כא, יז. ועוד), ולחם הוא כינוי לכל הדברים הגשמיים — ראה משלי ל, ח: ראש ועושר אל תתן לי הטרפני לחם חוקי.

81) ובלשון ההפטרה דיום התענית „שמרו משפט ועשו צדקה" (ישעי' נו, א). וראה כף החיים או"ח סתקס"ו סקט"ו. וש"נ.

82) עמוס ח, יא.

מ'קען ניט זאָגן, ווי גערעדט פריער, אַז אין אַזאַ קביעות (ווען דער תענית ווערט נדחה צו דאָנערשטאָג), פעלט ביום השבת עפּעס אין דעם עילוי פון „לחיותם ברעב" פון אַ יום תענית. נאָר אדרבה – דעמולט קומט צו אַ חידוש נעלה יותר:

אין אַ יום תענית שיידט זיך אָפּ אַ איד פון אכילה ושתי', און באַוויזט אַז זיין חיות איז ניט פון גשמיות, נאָר פון רוחניות – „לחיותם ברעב": משא"כ ווען דאָס קומט אויס אין אַ יום השבת, דעמולט איז ער מחוייב אין אכילה ו־שתי', „בשר שמן ויין ישן"[83] (צוליב עונג שבת), אָבער ער טוט עס ניט ווייל ער איז הונגעריק און דאָרשטיק, נאָר ווייל אַזוי האָט דער אויבערשטער אָנגעזאָגט אַז מצוה לענגו באכילה ושתי'.

קומט אויס, אַז אויך אין שבת איז פאַראַן דער „לחיותם ברעב" – וואָרום כאָטש ער עסט און טרינקט, טוט ער דאָס – עיקר טעם אכילתו ורצונו ה־אמתי[84] איז ע"ד ווי ער איז „רעב", האָט אין דעם ניט קיין טעם און געשמאַק[85], דער געשמאַק איז אַז ער איז דערמיט מקיים אַ מצוה פון דעם אויבערשטן – במילא באַקומט ער דעמולט זיין חיות ניט (נאָר) פון (דעם „מוצא פי ה'" אין) די מאכלים גשמיים, נאָר פון (דעם דבר ה' אין) מצות עונג שבת פון דעם אויב־ערשטן (וואָס איז (בגלוי) שלא בערך העכער פאַר דעם „מוצא פי ה'" אין מאכלים גשמיים).

נאָכמער: שבת טוט אויף אַ חידוש נפלא אין „לחיותם ברעב" לגבי דעם „לחיותם ברעב" פון אַ יום תענית[86]:

אין אַ יום התענית איז דער „לחיותם ברעב" דורך ניט עסן, ער הויבט זיך אויף העכער פון גשמיות העולם, און שטעלט זיך אַריין אין אַ מצב פון רוח־ניות, ער באַקומט זיין חיות ניט פון דעם „מוצא פי ה'" אין דברים גשמיים, נאָר די העכערע חיות פון דעם דבר ה' אין דברים רוחניים (תורה, תפלה וצדקה):

משא"כ ביום השבת שיידט ער זיך ניט אָפּ פון גשמיות, ער עסט בשר שמן (חי) און טרינקט יין ישן (צומח, דומם) – נאָר ער הויבט אויף גשמיות העולם צו די דרגא פון מצות עונג שבת, ד.ה. אַז ער טוט אויף און מאַכט אַז די חיות פון דברים גשמיים, זאָל זיין ניט בלויז פון די דרגא פון „מוצא פי ה'" וואָס איז דאָ אין יעדער מאכל גשמי מצד הבריאה, נאָר פון די דרגא אין דבר ה' וואָס איז דאָ אין אַ מצוה (מצות עונג שבת) של הקב"ה[87].

י. לויט דעם האָט מען אַן אָפּלערנונג בנוגע די אַלגעמיינע עבודה פון פרשת זכור און פורים – דער נצחון און הצלה דורך דער עבודה פון אַ נשמה בגוף דוקא, בכדי מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים:

---

83) ראה תניא פ"ז (יא, ב).

84) ראה רמב"ם הל' גירושין ספ"ב.

85) כמו שמצינו דוגמתו אצל כאו"א – שלפעמים אין לו ע"פ טבע שום טעם באכו"ש שלו (מצד פגם טעם המאכל, או בריאות הגוף וכיו"ב).

86) וע"ד העילוי דפורים לגבי יום הכפורים (שהוא רק כפורים – תקו"ז תכ"א (נז, ב)), שכל הענינים שנעשים ביוהכ"פ ע"י עינוי והעדר אכו"ש – נעשים בפורים ע"י משתה ושמחה, אכו"ש (ראה תו"א מג"א צה, סע"ד ואילך. צט, ד ואילך. הוספות קכא, א־ב. אוה"ת מג"א ע' ב'שיז־ח. ביאוה"ז להצ"צ בשלח ע' רלז. ועוד).

87) היינו לא רק אשר „כל מעשיך יהיו לשם שמים" (אבות פ"ב מי"ב) ו„בכל דרכיך דעהו" (משלי ג, ו) – אלא ש„מעשיך" (אכו"ש) גופא נעשה מצוה ממש.

די כוונה פון דירה בתחתונים איז ניט אויפהויבן זיך העכער און אויסטאָן זיך לגמרי פון גשמיות העולם[88], נאָר — דורך זיין אַ נשמה בגוף און מאַכן פון גשמיות העולם גופא (ווי ער איז און בלייבט אַ תחתון) אַ מצוה (וצוותא) און אַ „דירה" פאַר דעם אויבערשטן.

און דאָס איז דער אויפטו פון די עבודה פון אַ אידן: מצד די בריאה אַליין (ווי דער אויבערשטער האָט איר באַשאַפן) זיינען דברים גשמיים (דברי רשות) אָפּגעטיילט פון דברי קדושה, כנ"ל. אָבער אַ איד האָט דעם כח צו אויפמאַכן אַ חידוש אין מעשה בראשית, אַז ער נעמט אַ דבר גשמי וואָס האָט אין זיך דעם דבר ה' ווי ער ווערט נתצמצם ונתלבש אין אַ נברא, און מאַכט דערפון אַ דבר שבקדושה און אַ מצוה, וואָס דאָס גיט אַריין אין דעם נברא אַ נייע און העכערע דרגא פון חיות אלקי — ביז אַז דאָס מאַכט דעם דבר גשמי אַליין קדושה — אַ מצוה פון דעם אויבערשטן, רצונו של הקב"ה[89].

יא. די הוראה דערפון אין דער עבודה פון יעדערן:

מען דאַרף מקיים זיין תורה ומצוות דוקא בגשמיות, אַלס אַ נשמה בגוף. און צוזאַמען דערמיט, דאַרף מען ניט „ליגן" אין די גשמיות פון וועלט, נאָר „לחיותם ברעב" — די חיות זיינע דאַרף זיין פון און אין רוחניות, ביז אַז ער מאַכט איבער אַז אויך אין די גשמיות הערט זיך ניט אָן קיין זאַך חוץ דערפון אַז דאָס איז אַ מצוה און כלי און אַ דירה פאַר דעם אויבערשטן.

אין אַנדערע ווערטער: ס'איז ניט גענוג אַז אַ איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות און דאַוונט צום אויבערשטן, און דערנאָך האָט ער אַ צווייטן טייל פון זיין לעבן און זמן ווען ער עסט און טרינקט און פאַרנעמט זיך מיט עסק און ענלעכעס —

נאָר אויך זיינע דברי רשות און דברים גשמיים, זיין הויז, זיינע ד' אמות און יעדער זאַך וואָס ער טוט — מאַכט ער פון דעם אַ „משכן" און „מקדש" פאַר דעם אויבערשטן, אַ דירה לו יתברך בתחתונים, און באופן פון „אינו זז לעולם", בכל מקום ובכל זמן.

יב. און דורך דעם וואָס אַ איד טוט אַזוי מלמטה למעלה — איז דער אויבערשטער אַזוי ממשיך, מדה כנגד מדה, מלמעלה למטה — כידוע אַז דער בית המקדש איז געווען דער אָרט פון וועלכן דער אויבערשטער האָט משפיע געווען אַלע זיינע חסדים פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אידן במיוחד[90] —

ער גיט אידן, מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה[91], אַלע זייערע צרכים, רוחניים, און (ובעיקר) גשמיים, בני חיי ומזוני רויחי ובכולם רויחי, ביז אין אַן אופן פון עשירות כפשוטה, און אריכות

---

88) כמו שהי' אצל נדב ואביהוא, שעבודתם היתה בדרגא הכי נעלית (ראה אור החיים ר"פ אחרי), אבל זהו הסדר בתחלת העבודה במשכן, משא"כ אח"כ מוכרחת להיות העבודה דרצוא ושוב, נשמה בגוף (ראה בארוכה ד"ה אחרי מות תרמ"ט פ"ב. וראה מאמרי אדה"ז אתהלך־לאזניא ס"ע לג ואילך. אוה"ת אחרי ע' תקלח. ועוד).

89) ועניז זה הוא כביכול נעלה יותר ממעשה בראשית — כמאחז"ל (כתובות ה, א) „גדולים מעשה צדיקים יותר ממעשה שמים וארץ", וכמבואר בחסידות (ד"ה גדולים מעשה צדיקים תרפ"ה (סה"מ תרפ"ה ע' קמא ואילך). ועוד), שהקב"ה ברא יש מאין, וגדולים מעשה צדיקים שעושים מיש אין.

90) ראה לעיל ע' 343 הערה 39. ושי"נ.

91) ברכה שלישית דברכת המזון.

ימים[92] ושנים טובות, מתוך בריאות ה־נכונה, און קענען טאָן אַ סך (כיכולת עשיר) מעשים טובים[93].

ביז אַז מ'באַקומט די ברכה עיקרית — די גאולה האמיתית והשלימה, און דוקא בגשמיות העולם, נשמות בגופים[94], „ו־נגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו כי פי ה' דיבר"[95], דער בשר גשמי אַליין וועט זען „כי פי ה' דיבר"[96], וואָרום גאַנץ עוה"ז הגשמי און יעדער פרט דערפון וועט זיין אַ דירה לו יתברך בגלוי, מ'וועט דאָרט זען אלקות בגלוי, דער כח הפועל בנפעל,

ואדרבה — דעמולט וועט זיין הנשמה ניזונית מהגוף[97], די נשמה (חיי רוחניים) וועט מקבל זיין און געשפייזט ווערן פון חיי הגוף הגשמי, וואָרום ס'וועט נתגלה ווערן די מעלה נפלאה אין דעם גוף הגשמי, ווי ער איז איין זאַך (כביכול) מיט עצמותו ית',

און דאָס אַלץ — בקרוב ממש, „מיסמך גאולה לגאולה"[98], ווי דער פירוש ה־פשוט אין „מיסמך" — אַז דאָס איז בסמי־כות כפשוטה, ממש, בלי שום הפסק זמן, ובדרך ממילא[99] — פראַוועט מען דע־מולט דעם המשך פון חודש אדר, און דערנאָך חג הפסח — אין דעם ביהמ"ק אדנ־י (השלישי), בגאולה האמיתית וה־שלימה ע"י משיח צדקנו.

---

92) כולל הפירוש — אריכות באיכות, „שגם בתחלתו הוא ארוך" (תו"א תולדות יח, סע"ד. מאמרי אדה"ז תקס"ט ע' יב).

93) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ט הטעם ליעודים גשמיים שבתורה.

94) ראה ראב"ד הל' תשובה פ"ח ה"ב ובכסף משנה שם. רמב"ן בשער הגמול. וכ"ה ההכרעה בתורת החסידות — ראה לקו"ת צו טו, ג. ש"ש סה, סע"ד. סהמ"צ להצ"צ יד, ב. וראה תשובות וביאורים (קה"ת תשל"ד*) סי' יא ע' 57 הערה 23. ושי"נ.

95) ישעי' מ, ה.

96) ראה מכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר (אגרות קודש שלו ח"א ס"ע נט): וכמו שיהי' לעתיד לבוא דכתיב ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר כו' הכוונה שהבשר הגשמי של הגוף החומרי יראה ויכיר כו'. וראה תו"ח פרשתנו תפב, א ואילך. שער האמונה לאדהאמ"צ פכ"ה.

---

*) נדפס גם באג"ק כ"ק אדמו"ר שליט"א ח"ב ע' עו־ז. המו"ל.

97) ראה המשך וככה תרל"ז פצ"א־ב. וראה מאמרי אדה"ז תק"ע ע' נט. אוה"ת שה"ש כרך ב ע' תשעה ואילך. כרך ג ע' א'כד ואילך. ד"ה לכל תכלה תרנ"ט. וראה ס' השיחות תורת שלום ע' 120 ואילך.

98) מגילה ו, סע"ב.

99) ע"ד פירוש כ"ק מו"ח אדמו"ר ב„לשנה הבאה בירושלים" — ס' השיחות תש"ה ע' 83.

## משיחות ש"פ תשא, פ' פרה ה'תשמ"ז

א. ס'איז באוואוסט די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[1], אז מ'דארף „לעבן מיט דער צייט", מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לייענט און מ'לערנט אין דער צייט.

דאס הייסט, אין צוגאב דערצו וואס תורה אין אלגעמיין איז נצחית[2], און נצחית[3] אלס תורה מלשון הוראה[4], און תורה אור[5] און תורת חיים[6] („הם חיינו"[7]), א ליכטיקע אנווייזונג אין דעם טאג טעגלעכן לעבן פון יעדן אידן — זאגט אן דער אלטער רבי, אז דער לעבן פון א אידן דארף זיין ספעציעל פאר־בונדן מיט די פרשה אין תורה וואס מ'לייענט אין דער באשטימטער צייט.

און אין דער איצטיקער צייט — מיט פרשת כי תשא, וועלכע מ'האט אנגעהויבן לייענען און לערנען לעצטן שבת בא תפלת מנחה, און דערנאך — אין די טעג פון דער פארגאנגענער וואך (און יעדער טאג — איז אין דעם זיכער צוגעקומען אן עלי' בקודש[8]), ביז אז היינטיקן שבת האט מען געלייענט די גאנצע פרשה בציבור[9], וואס דאס באווייזט אז אין דעם שבת איז נאך שטארקער אונטערשטראכן דאס לעבן מיט דער פרשה, און פון דעם שבת דארף עס פארגעזעצט ווערן אין די טעג נאך דעם[10].

און וויבאלד אז תורה איז אפגעגעבן געווארן צו יעדער איד און אלע אידן, „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[11], דארף יעדער איד, מאן פרוי און קינד, קענען לייכט ארויסבאקומען די אנווייזונגען פון דער פרשה מיט וועלכע ער דארף לעבן אין דער צייט.

ב. אן אלגעמיינע און איינפאכע אפלערנונג פון היינטיקער פרשה — קען מען ארויסנעמען גלייך פון די ערשטע ווערטער פון פרשה — „תשא את ראש בני ישראל" [וואס זיי ווערן נכלל אין דעם ווארט „תשא", ובפרט אז דאס איז דער נאמען פון דער גאנצער פרשה[12]]:

---

1) „היום יום" ב חשון. ספר השיחות תש"ב ע' 29 ואילך. ועוד.

2) ראה רמב"ם בפירוש המשניות סנהדרין הקדמה לפרק חלק — היסוד התשיעי. רמב"ם הל' יסוה"ת רפ"ט. תניא רפי"ז. ועוד.

3) ראה לקו"ש ח"ה ע' 240. ח"ח ע' 151.

4) ראה רד"ק לתהלים יט, ח. ספר השרשים שלו ערך ירה. גו"א ר"פ בראשית בשם הרד"ק. וראה זהר שבהערה 6.

5) משלי ו, כג.

6) ראה זח"ג נג, ב: אמאי אקרי תורה בגין דאורי וגלי במאי דהוה סתים כו', חיים — דכל חיים דלעילא בה אתכלילו ומנה נפקין כו'.

7) בתפלת ערבית.

8) ראה ברכות כח, א (וש"נ): מעלין בקודש.

9) נוסף על זה שכל הימים שלפנ"ז מתעלים ביום השבת, עד לתכלית השלימות (ראה אוה"ת עה"פ ויכולו (בראשית ב, א) — כרך א מב, ב ואילך. כרך ג תקח, א ואילך).

10) כי משבת מיני' מתברכין כולהו יומין דשבוע הבא (זח"ב סג, ב. פח, א).

11) ברכה לג, ד.

12) כמדובר כמ"פ (לקו"ש ח"ה ע' 58. 355. ועוד) ששם הפרשה (שהוא ע"פ מנהג ישראל) מורה על תוכן כל הפרשה (ראה שעהיוה"א פ"א).

„תשא את ראש בני ישראל" מיינט בפשטות, אַז מ'דאַרף אויפהויבן דעם קאָפּ[13] פון אידן[14]:

דאָס הייסט: יעדער איד האָט אַ ראש און אַ מוח שבראש, ער איז אַ טייל פון דעם „עם[15] חכם ונבון", און דאָס איז משפיע אויף זיין אויפפירונג, אַז ער פירט זיך ווי ס'פּאַסט פאַר אַ חכם ונבון.

אין דעם זיינען אָבער שטענדיק פאַראַן שינויים און דרגות. ווי פאַרשטאַנדיק בפשטות (אויך פאַר אַ קינד), אַז ווען אַ קינד איז גאָר יונג האָט ער (און ער נוצט) ווייניקער שכל, דערנאָך ווערט ער אַ תינוק שמתחיל לדבר (וואָס דאָס איז דאָך פאַרבונדן מיט זיין שכל), וואָס דעמולט איז אביו מלמדו תורה צוה לנו משה גו'[16]. נאָך העכער — ווען ער ווערט דריי יאָר אַלט[17], און האָט אָפּשערעניש[18]. און דערנאָך — בן חמש שנים למקרא, בן עשר שנים למשנה, בן שלש עשרה למצות, בן חמש עשרה לגמרא כו'[19], בן ארבעים לבינה כו'[20].

און אַזוי, אין ענטשפּרעכענדען עלטער, באַ אַ בת ואשה, נאָך פריער — ווי בנוגע בת מצוה מיט אַ יאָר פריער, ווייל בינה יתרה נתנה באשה יותר מבאיש[21].

אויף דעם האָט יעדער איד[22] דעם אָנזאָג[23] „תשא את ראש": אין יעדער מצב וואָס ער געפינט זיך דאַרף ער אויפהויבן זיין קאָפּ, אַז זיין קאָפּ און שכל זאָל ליגן אין נאָך העכערע זאַכן, וואָס דעמולט ווערן אויפגעהויבן אַלע זיינע אַנדערע כחות[24], זיין האַרץ און זיינע געפילן, ביז זיין מחשבה דיבור ומעשה. ווי דאָס ווערט נשתלשל בגשמיות — אַז בשעת איינער הויבט אויף זיין קאָפּ (בגשמיות), ווערן אויפגעהויבן די אַנדערע טיילן פון זיין קערפּער, זיין האַרץ, זיינע הענט און פיס וכו'.

עס קען זיין אַז ער האַלט נאָך ניט באַ מוח שליט על הלב[25], אָבער פונדעסטוועגן ווייסט יעדערער, אויך אַ קליין

---

13) ראה פסיקתא דר"כ פסקא ב' (פ' שקלים). יל"ש פרשתנו רמז שפו. אוה"ת פרשתנו ע' א'תתכז. א'תתלו. א'תתלח. (כרך ח) ע' ג'צז.

14) והכח לזה הוא ע"י משה רבינו שאליו נאמר הציווי „כי תשא את ראש בנ"י". וראה הערה 22.

15) ואתחנן ד, ו.

16) ראה סוכה מב, א. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ו. טושו"ע יו"ד סרמ"ה ס"ה. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"א.

17) ראה רמ"א יו"ד שם ס"ח.

18) וידועה הוראת כ"ק מו"ח אדמו"ר דמיום גזיזת השערות (אָפּשערעניש) של תינוק נהגו להדר להרגיל את התינוק בענין נשיאת טלית קטן וברכות השחר וברהמ"ז וק"ש שעל המטה כו' (ראה „היום יום" ד אייר. אגרות־קודש שלו ח"ח ע' תקנח. לקו"ש חכ"ב ע' 329). וראה תנחומא קדושים יד. לקו"ת ר"פ קדושים.

19) וראה המבואר בכ"מ (ע"ח שער ד (שער המוחין) ואילך. תו"א סח, ג. המשך ר"ה תש"ג פכ"א ואילך. ועוד) כללות החילוק בדרגת גילוי שכל האדם בין עיבור יניקה ומוחין (בן עשרים שנה, שאז הגיע לשלימות השכל).

20) אבות פ"ה מכ"ב.

21) נדה מה, ב. וראה פיה"מ להרמב"ם נדה שם.

22) מצד בחי' משה שבכאו"א מישראל — ראה תניא רפמ"ב (בפי' מחז"ל ברכות לג, ב). תקו"ז תיקון סט.

23) וגם הבטחה, כידוע שכל ציווי בתורה הוא גם לשון הבטחה (ראה תו"א פרשתנו פו, ג. אוה"ת שם ע' א'תתמט. ד"ה כי תשא תר"ל. תרנ"ד. ועוד).

24) להעיר ממחז"ל שהראש הוא מלך על כל האברים (שבת סג, א).

25) ראה זח"ג רכד, א. תניא פי"ב (יז, א). ועוד.

קינד, אז בשעת ער פארשטייט מיט זיין שכל אז א זאך איז גוט, פירט ער זיך אזוי בפועל.

ג. וואס מיינט עס בפשטות, אין דער עבודה פון יעדן אידן בפועל?

ניט קוקנדיק אויף די אלע הויכע ענינים אין וועלכע מ'איז געלעגן ביז איצטער — סיי אין עניני שכל בכלל, און אפילו אין עניני תורה ומצוות, מ'לערנט תורה און מ'איז זיך עוסק אין מצוות וכו' — איז דאך דערצו קיין שיעור ניטא — דארף א איד אויפהויבן זיין קאפ נאך העכער, ד.ה. לערנען מער תורה, בכמות און באיכות — זיך קאכן אין דעם מיט מער חיות וכו', ותלמוד גדול שמביא לידי מעשה[26] — הויבט דאס אויף זיינע קיומי המצוות, אז דאס זאל זיין מיט מער הידור און מיט מער חיות, ביז אז זיין הנהגה בפועל ווערט אויף א העכערן אופן.

על אחת כמה וכמה בנוגע צו רוב מענטשן, וואס בזמן הזה זיינען רוב מענטשן פארנומען די מערסטע צייט פון טאג מיט עניני עסק און פרנסה (וואכעדיקע ענינים)[27], ביז אז כמה זיינען אין דעם פארזונקען און פאר־קאכט[28], ווי א מענטש ווייסט בא זיך אליין — איז אים נאך שטארקער נוגע דאס לעבן מיט „תשא את ראש": ער זאל אויפהויבן זיין קאפ אז דער קאפ זאל ליגן אין העכערע ענינים, אין גייסטיקע ענינים.

זיכער דארף זיין משאו ומתנו באמו־נה[29], און ער דארף אין דעם ליגן מיט זיין שכל און מדות וכו' — אבער דאס דארף זיין „בלא לב ולב"[30], וכידוע דער דיוק[31] אין דעם לשון „יגיע כפיך כי תאכל"[32] — הארעווען מיט „כפיך" דוקא, אבער ניט מיט זיין קאפ, זיין קאפ דארף (בעיקר) ליגן אין העכערע זאכן.

וואס הייסט העכערע זאכן? איז דאס פארשטאנדיק בפשטות: מ'הויבט אויף דעם קאפ און שכל אז זיי זאלן ליגן אין לימוד התורה.

ובפשטות: כאטש ער איז א בעל עסק און גייט צו דער ארבעט און טוט עס באמונה — דארף ער יעדער טאג האבן א קביעות עתים לתורה[33], סיי קביעות בזמן און סיי קביעות בנפש[34]. און אפילו אויב ער האט שוין קביעות עתים לתורה, און זיכער האט עס יעדערער — דארף זיין „תשא את ראש", ער דארף אין דעם צוגעבן נאכמער אין כמות און אין איכות.

ד. און טאמער מ'קען דאס אליין ניט אינגאנצן פארשטיין, מצד דעם וואס מ'איז שטארק פארזונקען אין דאגות

---

26) קידושין מ, ב. ב"ק יז, א.

27) כמחז"ל „הרבה עשו כר' ישמעאל ועלתה בידן, כרשב"י ולא עלתה בידן" (ברכות לה, ב).

28) ראה תו"א נח ד"ה מים רבים.

29) ראה טושו"ע או"ח סקנ"ז. שו"ע אדה"ז שם סעיף ב.

30) ע"פ ל' הכתוב — דה"א יב, לג וכפי' ויק"ר פכ"ה, ב. הובא בפרש"י שם.

31) ראה לקו"ת שלח מב, ריש ע"ד. חוקת סו, ג. ובכ"מ. וראה ד"ה מים רבים תשל"ח ס"ב (סה"מ מלוקט ח"א ע' רעג ואילך).

32) תהלים קכח, ב.

33) רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ח. טושו"ע יו"ד סרמ"ו ס"א. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד.

34) ראה אוה"ת ויגש שנ, א ואילך. לקו"ד ח"א ז, א. שיחת ש"פ תרומה (לעיל ע' 348) הערה 77. וש"נ.

הפרנסה, קען מען פרעגן ביי דעם אייגענעם קינד אדער אייניקל. ועפ"ד הצחות יש לומר: געוויינלעך איז דער סדר „שאל אביך ויגדך"[35], „והגדת לבנך"[36]; אבער בזמן הגלות, מצד דעם חושך כפול ומכופל, ובפרט מצד דעם פארזונקענקייט אין עסק ופרנסה — העלפט אמאל אז עס זאל זיין „שאל בנך ויגדך", ובפרט שטייענדיק גלייך פאר די גאולה[37], ווען עס ווערט „והשיב לב אבות על בנים — על ידי בנים"[38], ווארום די קינדער ווערן ניט (אזוי) אנגערירט פון דאגות העולם[39]:

דער קינד ווייסט אז מ'האט אים ערציגן זאגן יעדער פרי־מארגן די משנה ומחז"ל[40] „אלו דברים שאין להם שיעור", און מ'רעכנט דארט אויס א סך גרויסע זאכן, „הפאה והבכורים והראיון וגמילות חסדים", און דערנאך זאכן וואס „אדם אוכל פירותיהם בעולם הזה והקרן קיימת לעולם הבא כו', כבוד אב ואם וגמילות חסדים כו', והכנסת אורחים כו', ועיון תפלה והבאת שלום שבין אדם לחבירו ובין איש לאשתו".

אבער דערנאך איז מען מסיים: „ותלמוד תורה כנגד כולם".

פרעגט דער קינד — מיט דער גאנצער תמימות פון א קינד — בא זיין טאטן און זיין זיידן, זיין פעטער אדער עלטערער ברודער: צי האסטו היינט אויפגעעפנט א ספר און דארט אריינגעקוקט און געלערנט?

דער קינד האט געזען אז זיין טאטע האט דעם טאג געארבעט און געהארעוועט, און געטאן א סך גוטע זאכן, „גמילות חסדים", „עיון תפלה" וכיו"ב; אבער ער קוקט זיך ספעציעל צו — זוכט שטארק — „תלמוד תורה", ווויסנדיק אז דאס איז „כנגד כולם".

ובפרט אז מ'דערציילט אים אויך דעם לימוד פון „תשא את ראש", כנ"ל — פארשטארקט דאס ביי אים די שאלה און וואונדער צי די ארום אים הויבן אויף זייערע קעפ, דורך ליגן אין לימוד התורה.

און ביי א קינד זיינען ניט שייך קיינע קונצן. אויב ער באקומט ניט קיין תירוץ אויף זיין שאלה — פרעגט ער נאכאמאל, מאי האי, מאי טעמא: ער ווייסט אז די גאנצע וואך איז פ' כי תשא את ראש, קוקט ער זיך צו און פרעגט יעדער טאג: וואו איז דער „תשא את ראש" — זונטאג, מאנטאג, דינסטאג, מיטוואך, דאנערשטאג, פרייטאג, ועאכו"כ שבת?!

פארשטייט זיך, אז פון א קינד קען מען זיך ניט ארויסדרייען מיט אן ענטפער וואס האט קיין ארט ניט, ווארום א קינד פילט צי מ'זאגט אים דעם אמת, און וועלכער פאטער וויל דען זאגן זיין קינד ניט דעם אמת — במילא איז פארשטאנדיק אז די שאלה פון דעם קינד איז מעורר און רופט ארויס („והשיב לב אבות"), אז בא זיין פאטער זאל ווערן „תשא את ראש", ער

---

35) האזינו לב, ב.

36) בא יג, ח.

37) שרואים קיום הסימנים שבסוף מס' סוטה, נוסף על זה ש„כלו כל הקיצין" (סנהדרין צז, ב). וראה שיחת פורים שנה זו.

38) מלאכי ג, כד ובפרש"י.

39) ובפרט — „הבל שאין בו חטא" (שבת קיט, ב).

40) פאה פ"א מ"א. שבת קכז, א. קידושין לט, ב. רמב"ם בסדר תפלות כל השנה. הנסמן בשער הכולל (להרא"ד לאוואוט) פ"א אות יז־יט. וראה שו"ת מהרש"ל סס"ד בביאור שינויי הנוסחאות במשנה זו.

זאל זיך טאקע זעצן לערנען תורה מיט א געשמאק כו'[41].

און כאטש אז אמאל קומט דאס אן שווער, ווייל ער איז פארמאטערט פון א שווערן טאג באם ארבעט — איז דא דער כלל אז „איני מבקש כו' אלא לפי כחן"[42], ווען דער אויבערשטער מאנט א זאך, האט מען אויף דעם זיכער די כחות.

און דורך דעם וואס ס'איז דא דער „תשא את ראש" אין לימוד התורה — ווערן אויפגעהויבן די אנדערע טיילן פון א אידן'ס לעבן, זיין קיום המצוות, ביז זיין מחשבה דיבור ומעשה, זיין הנהגה בפועל, אז ער האלט זיך נאך שטאלצער (בקומה זקופה) מיט אלע זאכן פון אידישקייט, ד.ה. ניט נאר וואס ער איז מקיים „לא יתבייש מפני בני אדם המלעיגים"[43], נאר ער שטייט מיט דעם שטארקסטן תוקף און שטאלץ, ביז אז אלע ארום אים אנערקענען דאס, און זיי לערנען זיך אפ פון אים.

ה. אין דעם אלעם קומט צו נאכמער אונטערשטרייכונג אין פ' כי תשא פון היינטיקן יאר:

דער ערשטער טאג פון פ' כי תשא איז געווען יום הפורים. וואס דעמולט זעט מען בגלוי דעם „כי תשא את ראש בני ישראל":

„ומרדכי[44] לא יכרע ולא ישתחוה"[45], ער האט ניט אראפגעבויגן זיין קאפ צו המן הרשע, נאר געשטאנען בקומה זקופה. ואדרבה: ביי אים איז געווען „תשא את ראש" (אויפגעהויבן העכער פון דרך הרגיל), ווארום דאס גופא וואס „כל עבדי המלך גו' כורעים ומשתחוים להמן כי כן צוה לו המלך"[45] און „מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה" — פאדערט א תוקף מיוחד אין גיין בקומה זקופה.

און נאכמער: דאס האט געבראכט אז המן הרשע זאל זאגן „ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים גו' ודתיהם שונות מכל עם"[46]. ד.ה. אז אפילו א גוי, א רשע, אנערקענט אז אפילו ווען אידן זיינען „מפוזר ומפורד בין העמים" אין גלות, שוואכט דאס זיי ניט אפ ח"ו, נאר אויך דארטן זיינען זיי אן „עם אחד"[47], און „דתיהם שונות מכל עם", ד.ה. אידן שטייען מיט א תוקף, באופן פון „תשא את ראש"[48].

ביז אז זיי זיינען לויט דעם אויך משפיע אויף די ניט־אידן — „ורבים מעמי הארץ מתיהדים"[49].

וואס דערפון האט מען א צוגאב־אנווייזונג אין דער אויבנגערעדטער עבודה פון „תשא את ראש בני ישראל":

---

41) ועניין זה נוגע גם ל„כבוד אב ואם" (שנאמר במשנה שם לפנ"ז) — כי „כבוד שמים קודם לכבוד אב ואם" (פרש"י קדושים יט, ג. תו"כ שם. יבמות ה, ב). וכמובן בפשטות: הקטן שמרגיש שאביו אינו מקיים „תלמוד תורה כנגד כולם" ח"ו — הרי זה מחליש הכבוד שלו — לאביו.

42) במדב"ר פי"ב, ג.

43) רמ"א או"ח ר"ס א. שו"ע אדה"ז שם מהדו"ק ס"א ס"ג מטור שם.

44) להעיר ממחז"ל ש„מרדכי שקול בדורו כמשה בדורו" — אסת"ר פ"ו, ב.

45) אסתר ג, ב.

46) שם, ח.

47) ראה שערי אורה ד"ה וקבל היהודים ספי"א: ונעשים בחי' כלל א' כאיש א' ממש. וראה לקו"ש חכ"ב ע' 257. וש"נ. וראה גם תולדות יעקב יוסף ריש פרשתנו.

48) ראה תו"א מג"א (צז, א. קכ, ד. ועוד), שהיהודים עמדו במס"נ במשך כל השנה (תו"א מג"א צז, א. קכ, ד. ועוד).

49) אסתר ח, יז.

דער „תשא את ראש" (הוספה אין לימוד התורה און קיום המצוות, און אין שטאַלצקייט מיט אידישקייט בכלל) דאַרף זיין אַזוי שטאַרק, אַז דאָס איז משפיע אויך אויף אַנדערע אַרום זיך,

ביז אויך אויף ניט-אידן, בנוגע צו דעם קיום פון די ז' מצוות פון בני נח, ווי דער רמב"ם פסק'נט[50], „צוה משה רבינו מפי הגבורה לכוף את כל באי העולם לקבל מצוות שנצטוו בני נח", און ניט „מפני הכרע הדעת", נאָר „מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה והודיענו על ידי משה רבינו"[51] — אַז די ניט אידן זאָלן זיין שטאַלץ מיט מקיים זיין די ז' מצוות, דעם רצון פון דעם אויבערשטן.

ו. דערביי קען אָבער אַ איד פרעגן אַ שאלה:

ווי מאָנט מען פון אים „תשא את ראש" — ווען ער ווייסט אַז ער האָט גאָר עובר געווען אויף אַן עבירה (דורך דעם וואָס „נכנס בו רוח שטות"[52] — היפך פון חכם ונבון) — פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג ווי „תשא את ראש"?!

איז די פרשה ממשיך — אדרבה: דורך דעם „תשא את ראש" (דורך געבן אַ מחצית השקל) — ווערט „לכפר על נפשותיכם"[53] פון „כל העובר על הפקודים"[54], על פקודי דאורייתא[55], ביז — אויף דעם חטא העגל[56] — דער ראש ושרש פון אַלע חטאים[57], וואָס האָט אומגעקערט „זוהמא"[58] (און מיתה) בעולם[59].

און דעמולט ווערט דער „תשא את ראש" נאָך העכער — ווי חז"ל זאָגן[60], אַז במקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורים יכולין לעמוד שם. [ונוסף לזה: מיט מחצית השקל האָט מען געמאַכט די אדנים, דער יסוד פון דעם גאַנצן משכן[61], און דערנאָך — האָט מען דערמיט געקויפט די קרבנות ציבור[62]].

דאָס הייסט: קודם חטא העגל זיינען אידן געווען בדרגת „ראש", אין דער דרגא פון צדיקים[63]. און דורך מחצית השקל און זייער תשובה (אויפן חטא העגל) — איז געוואָרן „תשא את ראש", אַן עלי' אויך אין דער דרגא פון צדיקים („ראש") — די עלי' וואָס קומט דורך עבודת התשובה, וואָס במקום שבעלי

---

50) הל' מלכים ספ"ח.

51) וגם ענין זה נרמז בפורים: זה „שרבים מעמי הארץ מתייהדים" הוא לא מפני הכרע הדעת שלהם — כ"א מפני ש„נפל פחד היהודים עליהם" (אסתר שם). ולהעיר מלשון הרמב"ם „צוה משה רבינו מפי הגבורה", „לכוף".

52) סוטה ג, א.

53) פרשתנו ל, טו.

54) שם, יד.

55) אור החיים פרשתנו שם, יג (בשם הזהר). הובא בסה"מ תרנ"ח ע' קמו. תרס"ה ע' קפט. פר"ת ע' רסג. ועוד.

56) ירושלמי שקלים פ"ב סוף ה"ג. תנחומא תשא י"א. ועוד.

57) ראה פרשתנו לב, לד ובפרש"י. מסנהדרין קב, א.

58) זח"א נב, ב. קכו, ב. ח"ב קצג, סע"ב.

59) ועפ"ז תובן השייכות דפ' שקלים (בפ' תשא) עם פ' פרה — שגם הפרה באה לכפר על העגל (תנחומא חוקת ה בסופו. פרש"י שם יט, כב). נתבאר באריכה בההתוועדות.

60) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד.

61) מגילה כט, ב. פרש"י פרשתנו ל, טו.

62) ראה שקלים רפ"ד. רמב"ם הל' שקלים רפ"ד.

63) כידוע שלאחרי יצי"מ ומ"ת היו בנ"י בדרגת צדיקים.

תשובה עומדין אין צדיקים גמורים יכולין לעמוד שם. מעין דעם ענין פון „לאתבא צדיקיא בתיובתא"[64].

ויש לומר נאכמער:

די גאנצע מציאות פון רע בעולם האט דער אויבערשטער אריינגעשטעלט אין דער בריאה (כמבואר[65] בענין „נורא עלילה על בני אדם"[66]) — בכדי אז דורך דעם זאל מען האבן אויך די שלימות ועלי'[67] („תשא את ראש") פון תשובה, אדער בכדי אז אידן זאלן ביישטיין דעם נסיון פון רע, און דורך דעם מגלה זיין זייערע כחות[68].

און דוקא דורך דעם ענין — ווערט אויסגעפירט די „תאוה" פון דעם אויבערשטן (כביכול) וואס „נתאוה הקב"ה להיות לו דירה בתחתונים"[69], בתחתון שאין תחתון למטה ממנו, „עד שהוא מלא קליפות וסט"א שהם נגד ה' ממש"[70].

ז. פון דעם אלעם האט מען די קלארע אנווייזונג וואס מיט איר דארף איצטער לעבן יעדער איד:

בא יעדער אידן דארף זיין „תשא את ראש" אין אלע ענינים פון אידישקייט, אנהויבנדיק פון לימוד התורה, און דאס ברענגט „תשא את ראש" אין קיום המצוות און אין זיין גאנצער אויפפירונג, ביז אז ער ווירקט אזוי אין אויך אויף אנדערע אידן, ביז אויך אויף ניט-אידן.

און טאמער זעט ער שוועריקייטן, אדער ער פאלט-דורך ח"ו אין א געוויסן ענין — דארף דאס אים ניט אפשוואכן, נאר אדרבה: דאס דארף צוגעבן נאכמער שטאלץ אין „תשא את ראש", מצד דער מעלה פון עבודת התשובה.

ח. און דורך דעם וואס אידן טוען תשובה — ווערט „מיד הן נגאלין"[71], תיכף ומיד ממש, „מסמך גאולה לגאולה"[72], נאך אין חודש אדר, ובדרך ממילא — וועט (מען אין) חודש ניסן שוין זיין נאך דער גאולה,

מסמך גאולה לגאולה האמיתית והשלימה, גאולה שאין אחרי' גלות[73], ע"י משיח צדקנו, און מ'וועט האבן דעם ביהמ"ק השלישי, „מקדש אד' כוננו ידיך, ה' ימלוך לעולם ועד"[74], בעגלא דידן ממש.

64) ראה לקו"ת ר"ה נח, ד. האזינו עה, סע"ב. שמע"צ צב, ב. שה"ש מה, א. שם נ, סע"ב.

65) תו"ח תולדות ד"ה ויתן לך פ"י ואילך. שעה"ת לאדהאמ"צ ח"א כ, ד ואילך. וראה לקו"ש ח"ח ע' 395. ושינ.

66) תהלים סו, ה. תנחומא וישב ד.

67) ע"ד מש"נ (איוב מא, ג. ויק"ר פכ"ז, ב) „מי הקדימני ואשלם", שהקב"ה נותן כל האפשריות לקיים מצוות, כולל מצות התשובה.

68) ראה תניא ספ"ט. ספכ"ט.

69) תנחומא נשא טז. תניא פל"ו. ועוד.

70) תניא שם.

71) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

72) מגילה ו, סע"ב.

73) ראה מכילתא בשלח טו, א. תוד"ה ה"ג ונאמר — פסחים קטז, ב. ועוד.

74) בשלח טו, יז-יח.



## משיחות ש"פ ויק"פ, מבה"ח ניסן, פ' החודש, ה'תשמ"ז

א. מ'שטייט היינט אין אַ יום זכאי ומסוגל אויף אָננעמען החלטות טובות בנוגע צו הוספה וחיזוק אין די עבודה און שליחות וואָס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האָט געגעבן יעדער איד פון אונזער דור — הפצת התורה והמצוות בכלל, ובפרט הפצת המעינות חוצה:

א) ס'איז אַ יום השבת — וואָס יעדער פרט פון דעם טאָג ווערט אַ חלק פון קיום מצות שבת[1]. און שבת איז ענינה תורה[2], און אין תורה גופא — פנימיות התורה[3].

ב) ס'איז שבת מברכים ראש חודש ניסן, און שבת פרשת החודש, וואָס איז געזאָגט געוואָרן (און דער תוכן איז וועגן) ראש חודש ניסן[4].

(ראש) חודש ניסן — איז דער חודש הגאולה[5], די גאולה פון גלות מצרים. וואָס כל המלכיות (הגליות, כולל גלות זה האחרון) נקראו על שם מצרים[6], און אויך די גאולה מגלות זה איז געגליכן צו גאולת מצרים — "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[7]; און די גאולה קומט דאָך דורך "יפוצו מעינותיך חוצה"[8].

ג) פאַרבונדען — ראש חודש ניסן — מיט אידן יעדן אידן כמרז"ל[9] משבחר ביעקב ובניו האָט ער געגעבן דעם חודש ניסן.

ד) דער שבת בענטשט דעם טאָג פון ב' ניסן, דער יום התחלת הנשיאות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[10] — וואָס ער גיט כח צו כל אנשי הדור[11] צו טאָן זייער עבודה בתומ"צ בכלל, ובפרט — אין הפצת התורה והיהדות, און הפצת המעינות (דפנימיות התורה) חוצה, וואָס ברענגט די גאולה, כנ"ל.

דעריבער איז איצטער אַ זמן המתאים צו אָננעמען החלטות טובות אין אַלע עניני עבודה ושליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו — הפצת התורה והיהדות, והפצת המעינות חוצה. ובפרט בשעת מ'טוט עס "ברב עם הדרת מלך"[12], און אין אַ מקום קדוש — אַ

---

1) ואפילו "שינה בשבת — תענוג" (סידור האריז"ל (קול יעקב) אחרי סעודת שבת. של"ה קלד, ב. ילקוט ראובני ואתחנן ד, ט).

2) להעיר ממחז"ל "דכולי עלמא בשבת ניתנה תורה" (שבת פו, ב). וראה תו"א יתרו ע, ג. תו"ח שם שצג, ב. אוה"ת שם ע' תתקכא ואילך. ועוד.

3) דלית תמן לא קשיא כו' ולא מחלוקת כו' (רע"מ בזח"ג קכד, ב. הובא ונת' באגה"ק סכ"ו) — בדוגמת יום השבת לגבי ימות החול. ולכן עיקר הלימוד ביום השבת הוא בנסתר דתורה — ראה צוואת אדמו"ר מהר"ש (אגרות קודש שלו (קה"ת, ברוקלין, תשנ"ג) ע' יג). קונטרס עץ החיים פכ"ב. פכ"ה. לקו"ש ח"א ע' 53. ועוד.

4) ובשנה זו הוא גם ש"פ ויק"פ, שסיומו הוא בנוגע "בחודש הראשון באחד לחודש" (פקודי מ, יז).

5) ר"ה יא, רע"א. שמו"ר פט"ו, יא.

6) ב"ר פט"ז, ד.

7) מיכה ז, טו.

8) כמ"ש הבעש"ט באגה"ק הידועה שלו (נדפסה בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו).

9) שמו"ר שם.

10) ראה גם לקו"ש חי"ב ע' 146 ובהערות שם.

11) ראה גם תניא פ"ב. וראה שיחת ליל שמח"ת תשמ"ז (לקו"ש חכ"ט ע' 358 ואילך). שיחת ש"פ חיי שרה (לעיל ע' 85 ואילך). ובכ"מ.

12) ל' הכתוב — משלי יד, כח.

„בית שמגדלין בו תורה"[13], און „בית שמגדלין בו תפלה"[13], און אויך גמילות חסדים.

ב. ובפרט אַז מ'געפינט זיך נאָך אין גלות, און אין גלות גופא — אין אַ מצב וואו ס'איז נאָך געבליבן (בלשון המדרש[14]) אַ „מין חרדא דדמא על אפי מיא", אַ רושם פאַרבונדן מיט דעם „רוח ביש", וואָס וויל צעשטערן דעם מעין ונהר, מקור מיים חיים, הוי' ותומ"צ שלו כולל ובפרט — דעם ענין פון הפצת המעינות חוצה —

איז איצטער נאָך שטאַרקער נוגע מוסיף זיין אין טוב וקדושה, הפצת המעינות חוצה.

דעריבער איז מען מציע:

בערב ראש חודש ניסן — וואָס ערב ראש חודש בכלל איז אַ יום מסוגל, „יום כפור קטן"[15], ובפרט ער"ח ניסן, חודש הגאולה — זאָל יעדער מאַן, פרוי און קינד, צוגעבן אַ ספּעציעלע הוספה אין אַלע דריי קוים[16], תורה, תפלה און גמילות חסדים, ובמיוחד פאַרבונדן מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו:

א) לערנען ספּעציעל אַן ענין אין די תורה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר. ומה טוב — אין זיינע מאמרים פאַרבונדן מיט (גאולת) פורים אָדער פסח (גאולת מצרים), שטייענדיק איצטער אין די טעג בין פורים ופסח.

ב) זאָגן ספּעציעלע קאַפּיטלעך תהלים (נוסף אויף דעם שיעור חדשי הרגיל בתהלים), פון דעם שיעור כפי שנחלק לימי השבוע[17], און כולל אויך דעם קאַפּיטל המתאים לשנותיו של כ"ק מו"ח אדמו"ר[18] (קאַפּיטל קז) שראשו והתחלתו: הודו להוי' כי טוב כי לעולם חסדו —

וועלכער איז פאַרבונדען ביז באַ די ארבעה — צו אַ חיוב בברכה בשם ומלכות[19].

ג) געבן צדקה כפי השיעור פון סעודה אחת — ווי דער אַלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת[20], אַז בזמן הזה איז „וחטאך בצדקה פרוק"[21], צדקה במקום התענית של תשובה. ובנדו"ד — צדקה במקום התענית בערב ראש חודש[22].

ומה טוב — צדקה פאַרבונדן מיט די מוסדות (תורה, תפלה, צדקה) און פעולות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, ובמיוחד — אין די עבודה פון הפצת המעינות חוצה.

ונוסף לזה — זאָל יעדערער אויך מוסיף זיין (בכלל, ובפרט בער"ח ניסן) אין זיינע פעולות אין הפצת התורה

---

13) מגילה כז, א.

14) ויק"ר פכ"ד, ג. נת' בשיחת י"ב טבת (לעיל ע' 243 ואילך).

15) ראה פר"ח לאו"ח סתי"ז (מהרמ"ק). נ"כ השו"ע שם. של"ה קכ, ב. קעט, א. ועוד. סידור יעב"ץ. ועוד. וראה אוה"ת בא ע' רנג: ערב ראש חודש הוא נקרא כיפור קטן.

16) שעליהם העולם עומד וקיים (אבות פ"א מ"ב. שם מי"ח).

17) שנקרא אמירת תהלים בשופי — ראה מכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר באגרות קודש שלו ח"ג ע' תעג ואילך.

18) ראה לקו"ש חכ"ב ע' 185 הערה 3. וש"נ.

19) ברכות נד, ב. טושו"ע או"ח סרי"ט. ס' ברה"נ לאדה"ז פי"ג הי"ב.

20) פ"ג. וראה אגה"ק ס"י.

21) דניאל ד, כד (ושם: וחטיך).

22) כידוע שבקצת קהילות מתענין בערב ר"ח ומוסיפין תפלות מיוחדות (כנדפס ב„סדר יו"כ קטן" וכיו"ב) — ראה הנסמן בהערה 15.

והיהדות והפצת המעינות חוצה, ובפרט אין „מבצע פסח"[23] — זען אַז אַנדערע אידן זאָלן האָבן אַלע זייערע צרכים פאַר פסח, סיי די גשמיות'דיקע צרכים[24], ועוד ועיקר — די רוחניות'דיקע צרכים: זיי זאָלן וויסן וועגן די דינים פון פסח, און מקיים זיין די מצוות פון פסח וכו'.

און דערנאָך — זאָל מען ממשיך זיין טאָן אין די אַלע ענינים בר"ח ניסן, וואָס בשנה זו איז דאָס יום שלישי שהוכפל בו כי טוב[25], ומה טוב — דאָס אויך פאַרבינדן מיט אַ התוועדות בר"ח ניסן פון כמה וכמה מישראל, לויט די תנאים המתאימים בכל מקום ומקום.

און מ'בעט אויך — אַז מ'זאָל דאָס מפרסם זיין צו אַנדערע אידן, וואו מ'קען זיי נאָר דערגרייכן, און דאָס מסביר זיין צו זיי אין אותיות וואָס זיי קענען פאַרשטיין.

ג. וכמובן — אַז נוסף צו די הצעות הנ"ל, קען און דאַרף יעדערער און יעדערע צוגעבן מדילי' הוספות בעניני טוב וקדושה.

ובמיוחד — גיט מען דאָס איבער צו די שלוחים פון נשיא דורנו, זיי זאָלן זיך צוזאַמענרעדן, „איש את רעהו יעזרו ולאחיו יאמר חזק"[26], און מחליט זיין וואָס מ'קען און דאַרף מוסיף זיין טאָן בכל ענינים אלו.

ויה"ר אַז דאָס זאָל מבטל זיין לגמרי דעם „מין חרדא דדמא על אפי מיא", ולא ישאר שום רושם כלל — ואדרבא תוספת אור וטוב וקדושה, און דער עיקר — נאָכמער ממהר זיין די גאולה פון דעם גלות זה האחרון, ולא עכבם אפילו כהרף עין[27], „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות".

23) ובפרט שר"ח ניסן הוא שבועיים קודם החג, שגם לדעת רשב"ג מתחילים אז ההכנות לחג (פסחים ו, סע"א).

24) ראה רמ"א או"ח ר"ס תכ"ט. שו"ע אדה"ז שם ס"ה.

25) הלימוד מזה נתבאר בההתוועדות.

26) ישעי' מא, ו.

27) ראה מכילתא ופרש"י בא יב, מא.



## משיחות ש"פ ויקרא, ה' ניסן ה'תשמ"ז

א. מ'געפינט זיך איצטער אין די ערשטע טעג פון חודש ניסן וועלכע זיינען ספעציעלע טעג:

דעם משכן אין מדבר האָט מען אויפגעשטעלט אין דעם ערשטן טאָג פון חודש, ראש חודש ניסן[1], און אין די טעג פון ראש חודש ביז י"ב ניסן, האָבן די נשיאים פון די שבטים מקריב געווען יעדן טאָג יעדערער זיין קרבן לחנוכת המזבח, נשיא אחד ליום[2].

דעריבער איז היינט דער מנהג[3] אַז פון ראש חודש ניסן ביז י"ב ניסן זאָגט מען יעדן טאָג די פרשה אין תורה[4] פון דעם קרבן נשיא השבט וועלכער האָט יענעם טאָג מקריב געווען פאַר חנוכת המזבח[5].

און דאָס איז אויך דער טעם פאַרוואָס מ'זאָגט ניט קיין תחנון אין די טעג[6] — צוליב דעם וואָס די נשיאים האָבן דעמולט מקריב געווען זייערע קרבנות, „וכל נשיא ביום שהקריב קרבנו הי' יום טוב שלו"[7]; און וויבאַלד אַז דערנאָך קומען די טעג פון פסח, קומט אויס אַז „רוב החודש בקדושה"[8] — דערפאַר זאָגט מען ניט קיין תחנון במשך דעם גאַנצן חודש ניסן.

ב. וואָס אין דעם ענין איז פאַראַן א חידוש:

כאָטש אַז אַלע פאַסירונגען אין תורה זיינען נצחיים[9], געפינט מען ניט אַז אויף יעדער פאַסירונג אין תורה זאָל מען מתקן זיין אין סדר התפלה (וכיו"ב) א זכר לדורות. אדרבה: מ'געפינט עס נאָר ביי געציילטע ענינים — וועלכע זיינען יסודות און כללים אין אידישקייט — ווי „זכר ליציאת מצרים", וכיו"ב. און דערנאָך „זכר למקדש". אָבער אויך בנוגע צום מקדש — האָט מען ניט מתקן געווען אַ זכר אויף אַלע עבודות אין מקדש, כאָטש מ'האָט (אַ טייל פון) זיי געטאָן מערערע מאָל אין מקדש.

אָבער בנוגע צו הקרבת הנשיאים בּאַ חנוכת המזבח מאַכט מען אַ זכר לדורות

---

1) פקודי מ, יז.

2) נשא ז, יא.

3) שו"ע אדה"ז או"ח סתכ"ט סט"ז. משל"ה מס' פסחים קמ, ב. וראה גם ליקוטי עמק ברכה להשל"ה ס"ג. אלי' רבה או"ח סתכ"ט סק"י. אלי' זוטא שם סק"ד. באה"ט שם סק"ז. חק יעקב שם סק"י. סידור רי"ע דיני ניסן ס"ז. ועוד.

4) נשא ז, א ואילך.

5) וביום י"ג ניסן אומרים הפרשה דזאת חנוכת המזבח עד כן עשה את המנורה (סידור תורה אור וסידור תהלת ה'. וראה שיחת ליל י"ג ניסן תשמ"ה. ועוד), שהוא נגד שבט לוי (שו"ע אדה"ז וליקוטי עמק ברכה שבהערה 3).

6) טושו"ע או"ח סתכ"ט ס"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"ח. וכן הוא בסידור אדה"ז (לפני „למנצח גו' יענך") בהימים שאין אומרים בהם תחנון.

ולהעיר דמ"ש שם „מנהג ספרד" — מוכרח לומר שאינו שולל שאר בני ישראל, כי סידור אדה"ז הוא שוה לכל נפש (ראה שער הכולל בהקדמה), לא רק לספרדים, ובמכ"ש עבור ההולכים בדרכיו והגרים במדינתו של אדה"ז (שרובם לא היו ספרדים). אלא י"ל ש„מנהג ספרד" בא להוסיף הדגשה מיוחדת בזה. ואכ"מ.

7) שו"ע אדה"ז שם. ממסכת סופרים פכ"א ה"א־ב. טור או"ח שם.

8) שו"ע אדה"ז שם. מב"י לטור שם. מג"א או"ח שם סק"ג.

9) ראה תניא רפי"ז.

— און א צווייטנדיקער זכר[10]: דורך זאגן פרשת הנשיא, און דורך ניט זאגן[11] תחנון[12], און ביז למשך פון א גאנצן חודש — אע"פ וואס א) הקרבת הנשיאים איז געווען נאר אן איין־און־איינציקן מאל, און ב) דאס איז געטאן געווארן אין משכן, וואס איז געווען ניט בלויז קודם דעם איצטיקן גלות, נאר פאר דעם מקדש שני, און פאר גלות בבל, און פאר דעם מקדש ראשון!

ג. דער חידוש איז נאך גרעסער:

אלע פעולות און תפלות וואס זיינען א זכר צו א געוויסער זאך („זכר ליציאת מצרים", „זכר למקדש") זיינען ניט א זכר בעלמא, נאר דורך דעם איז מען ממשיך מלמעלה מעין פון דער זאך צו וועלכער דאס איז א זכר.

אין דעם קומט צו א חידוש ביי אמירת הנשיאים — וואס מ'זאגט דערצו א ספעציעלע תפלה, און אזא תפלה וואס מ'געפינט ניט דוגמתה אין די תפלות פון כל השנה כולה:

נאך אמירת „הנשיא" איז א מנהג צו זאגן דעם „יהי רצון"[13]. וז"ל: „יהי רצון מלפניך ה' אלקי ואלקי אבותי שבאם אני עבדך משבט (פלוני) שקראתי בתורתך פרשה של הנשיא היום, אזי יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות בקדושת זה השבט להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך כל ימי חיי אני וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם אמן",

וואס צווישן אלע תפלות (און עניני זכר) בכל השנה — געפינט מען ניט אזא פעולה[14], אז יעדער איד [ניט נאר יחידי סגולה] זאל בעטן אז „יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין וכו' הכלולות בקדושת זה השבט", און נאכמער — די בקשה איז אז דאס זאל ניט בלייבן בהעלם והסתר, נאר ווירקן אין זיין עבודה בפועל „להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך (און נאכמער —) כל ימי חיי אני (און נאכמער —) וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם"!

נאכמער: א תפלה דארף ניט זיין אויף מעשה נסים[15]. מוז מען זאגן, אז די תפלה (של כאו"א מישראל) קען מקויים ווערן בדרך הטבע, אין חושך כפול ומכופל פון זמן הגלות!

און אויך, בכלל — א תפלה פון א אידן ווערט דאך מקויים בפועל, ובפרט א תפלה ע"י רבים, כמ"ש[16] „הן א־ל כביר ולא ימאס".

---

10) נוסף על זכר לזה בימי החנוכה ע"י קריאת פ' הנשיאים (משנה מגילה ל, ב ובפרש"י. וראה שיחת ש"פ וישב — לעיל ע' 150. וש"נ) — זכר שונה לגמרי — כדמוכח גם מזה שביום הח' קורים מנשיא הח' ועד גמירא.

11) גם לא ביום השבת — בנוגע לאב הרחמים וצדקתך צדק (מג"א או"ח סרצ"ב סק"ג. שו"ע אדה"ז שם ס"ז. סידור אדה"ז במקומו).

12) וי"ל שיש בזה גם ענין חיובי — כי בימים אלו שאין אומרים בהם תחנון, משמע שנמשכות אז אותן ההמשכות וההשפעות שנמשכות בימים אחרים ע"י אמירת תחנון, כמדובר כמ"פ (ראה לקו"ש חט"ז ע' 546. ועוד).

13) מקדש מלך לזח"ג קצו, ב. ס' קב הישר פפ"ח. סידור תורה אור וסידור תהלת ה'. וראה „היום יום" א ניסן.

14) וגם התפלות הדומות לה (כמו ה„יהי רצון" לאחרי תשליך, ודהושע"ר, ולאחרי בדיקת חמץ, וה„רבונו של עולם" דספיה"ע) שמתפללים על המשכות מלמעלה וכו' — אין זה בדומה כלל לבקשה זו שהוא לכל ימי חיי כו' ועד עולם! ועוד ש„יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין כו' הכלולות בקדושת זה השבט", ושזה יפעול בעבודת האדם בפועל — „להבין ולהשכיל בתורתך וכו'", כבפנים.

15) ראה ברכות ס, א. ועוד.

16) איוב לו, ה. ברכות ח, רע"א.

ובפרט אַז מ'איז מסיים „אמן" (מלשון אמת[17]), וואָס דאָס גיט צו אַ חיזוק מיוחד אין דער ברכה, דאָס טוט אויף דער גמר „הנצחון"[18].

קומט אויס, אַז דער זכר לדורות פון הקרבת הנשיאים בּאַ חנוכת המזבח (דורך אמירת פ' הנשיאים) איז ניט נאָר אַ זכר בכלל (אויף עפּעס וואָס האָט פּאַסירט אַמאָל), נאָר דאָס איז נצחי און עד כדי כך, ביז מ'באַקומט בפועל „כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות בקדושת זה השבט", און דאָס ווירקט „להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך כל ימי חיי אני וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם"!

ד. אין דעם קומט צו נאָך אַ גרעסערער חידוש:

דער מנהג איז אַז יעדער איד זאָגט אַלע י"ב נשיאים, יעדער טאָג זאָגט ער דעם נשיא פון דעם באַטרעפנדן טאָג, און אויך דעם „יהי רצון".

שטעלט זיך די שאלה: אין דעם „יהי רצון" זאָגט מען דאָך אין אַ לשון של ספק „באם אני עבדך משבט (פלוני) כו'"[19], ד.ה. אַז ס'איז אַ ספק און עס קען גאָר זיין אַז דער זאָגער האָט קיין שייכות ניט מיט דעם שבט מסויים (וואָרום יעדער איד געהערט דאָך נאָר צו איין שבט) — קומט דאָך אויס אַז אין עלף פון די צוועלף טעג זאָגט מען אַ תפלה וואָס איז ניט שייך צום מתפלל[20]?!

מוז מען זאָגן, אַז יעדער איד איז (אפשר אַז ער זאָל זיין) כלול פון אַלע אַנדערע אידן (שבטים), און דערפאַר איז אפשר אַז יעדער איד קען מקבל זיין די אורות פון אַלע שבטים.

און מ'קען דאָס ערקלערן לויט דער הוראה פון דעם רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע[21], אַז אפילו אַ כהן ולוי דאַרף זאָגן דעם „נשיא" און דעם „יהי רצון" בכל יום (כאָטש זיי געהערן זיכער צום שבט לוי[22]) — „כי זה שייך לעיבור", ומצד „עיבור"[23] קען אַ איד האָבן אַ שייכות צו יעדן שבט און צו אַלע שבטים.

דעריבער זאָגט יעדער איד בכל יום דעם „נשיא" און דערנאָך דעם „יהי רצון", און אפשר שתהי' על הודאי — אַז „יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות בקדושת זה השבט כו'", מצד דעם וואָס אפשר אַז ער האָט[24] אַ שייכות צו יעדן שבט[25].

---

17) ראה שבועות לו, א ובפרש"י שם. שו"ע אדה"ז או"ח סקכ"ד ס"ט. אנציקלופדי' תלמודית (כרך ב) ערך אמן.

18) ראה נזיר בסופה.

19) כ"ה הנוסח במקומות שבהערה 13.

20) ולהעיר מדעת האחרונים שאין אומרים „באם אני כו'" (ראה מורה באצבע (להחיד"א) ס"ז סקצ"א. שו"ת מנחת אלעזר ח"ו סנ"ח, הובא בדרכי חיים ושלום סתקל"ח).

21) „היום יום" א ניסן.

22) ועד שהכהן מברך ברכת כהנים, והלוי יוצק מים על ידיו (ב"י לטור או"ח סקכ"ח ד"ה ורבינו סובר (ע"פ זח"ג קמו, ב). שו"ע או"ח שם ס"ו. שו"ע אדה"ז שם ס"י).

23) ראה תניא ספי"ד.

24) ומה שאומר „שבאם אני משבט (פלוני) כו'" (אף שיש בו מכל שבט ושבט כבפנים) — ה"ז מפני שבאם כפשוטו הוא משבט פלוני, מקבל מהאורות דשבט זה בגלוי יותר ביתר שאת ויתר עז (משא"כ אם הוא משבט אחר).

ויש לומר, שע"י שמתפלל „שבאם אני משבט כו'", ה"ז גופא מסייע לגלות שייכותו לשבט דיום זה. ולכן גם כהן או לוי מתפלל בנוסח זה כי ע"י התפלה מתגלה שייכותו לשבט פלוני. ועצ"ע.

25) גם שבט לוי, כמובן מזה שאומרים בי"ג ניסן הפרשה שכנגד שבט לוי (אבל להעיר שאין אומרים לאח"ז ה„יהי רצון") — כי שבט לוי „נתונים נתונים המה לו מאת בני ישראל" (במדבר ג, ט), „הלויים באים תחתיהם ובשליחותם" של כל בנ"י (פרש"י שם, ח).

קומט אויס, אַז נאָך דעם ווי מ'פאַרענדיקט זאָגן אַלע נשיאים (בי"ב ניסן) מיט דעם „יהי רצון" של כאו"א („יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות בקדושת זה השבט") — ווערן מקויים בקשות פון די אַלע „יהי רצון'ס", און אַ איד ווערט באַלויכטן מיט „כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות" בכל שבט ושבט — וואָס זיי זיינען כולל אַלע ניצוצות קדושות בכל העולם כולו (וואָס זיינען אַלע באַשאַפן געוואָרן „בשביל ישראל"[26], וואָס „ישראל" טיילט זיך אין י"ב שבטים), כידוע[27] אַז די י"ב שבטים זיינען כולל אַלע מעגלעכע אופני עבודה[28] (י"ב אופנים כלליים).

איז דאָך פאַרשטאַנדיק די פעולה וואָס דאָס האָט אין „להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך כו'" — ווי־באַלד אַז דאָס קומט פון אַלע ניצוצות קדושות פון אַלע שבטים!

ה. ויש לומר דעם טעם אויף דעם חידוש אין הקרבת הנשיאים [א) אַז מ'מאַכט דערפון אַ זכר לדורות, ב) עד כדי כך אַז מ'בעט און עס ווערט מקויים די תפלה „יאירו נא עלי וכו'" — אַ חידוש וואָס מ'געפינט ניט בײַ קיין אַנדער זאַך]:

הקרבת הנשיאים פאַר חנוכת המזבח איז אַ יסוד והתחלה אויף דער עבודה פון אַלע אידן במשך כל הדורות[29] — כידוע[30] אַז חנוכת המזבח איז אַזוי ווי דער ענין החינוך. אַזוי ווי דער ענין החינוך שטעלט אַוועק דעם יסוד פון דער גאַנצער עבודה פון דעם מענטשן[31], אַזוי האָט חנוכת המזבח אַוועקגעשטעלט דעם יסוד אויף דער עבודה פון משכן — דער תכלית פון גאַנץ עבודת האדם[32] — „ועשו[33] לי מקדש ושכנתי בתוכם"[34].

און דערפאַר האָט חנוכת המזבח גע־דאַרפט זיין דורך אַלע שבטים — וואָס זיי נעמען אַרום אַלע מעגלעכע סוגים (פרטיים) אין עבודת ה' (כנ"ל), און דוקא דורך די נשיאים פון די שבטים, וואָרום „הנשיא הוא הכל"[35], כל השבט שלו, און דורך דעם — כל השבטים כולם (אַלע אידן).

---

26) פרש"י ר"פ בראשית. וראה תניא פל"ז (מח, א).

27) ראה פע"ח בהקדמה לשער התפלה. עמה"מ ש' עולם הבריאה פי"א בהגהה. לקו"א להה"מ סקל"ג. מאמרי אדה"ז הקצרים ע' תקפא ואילך. שער הכולל בהקדמה. ושי"נ. וראה לקו"ש חכ"ג ע' 54 הערה 14. ושי"נ.

28) ולכן „כל אחד ואחד הקריבו לפי דעתו (במדב"ר פי"ג, יד), וכמפורש במדרש פרטי הכוונות דכל נשיא (במדב"ר שם, ואילך. פי"ד, א־יא. וראה של"ה שבהערה 3).

ולהעיר ממ"ש במקור חיים (לבעמח"ס חות יאיר) או"ח רסתכ"ט: מ"ש בשל"ה דנכון לקרות בי"ב ימי ניסן הקרבת י"ב נשיאים . . ול"נ גם כוונתם בהקרבתם ע"פ דרז"ל ברכה.

29) ראה של"ה שם שאומרים הנשיא „כי כל נשיא ונשיא הי' לו סודות גדולות אשר המשיכו שפע הרוחנית כל אחד לשבטו כל ימי עולם כו' ובקריאת הפרשה הוא מעורר קדושת היום כו'".

30) ראה תו"א וישב כט, ד. לקו"ת נשא כט, א. לעיל ע' 154. ושי"נ.

31) כמ"ש (משלי כב, ו) חנוך לנער על פי דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנה. וראה מקומות שבהערה הקודמת.

32) ראה מכתב „בימים שבין יו"ד וט"ו בשבט" ש.ז. (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). שיחת ש"פ תרומה — לעיל ע' 340 ואילך. ועוד.

33) תרומה כה, ח.

34) שציווי זה כולל גם הציווי על המקדש, ראשון שני ושלישי (רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתו. וראה לקו"ש חט"ז ע' 302 ואילך. חכ"א ע' 149 ואילך).

35) פרש"י חוקת כא, כא.

און דעריבער איז הקרבת הנשיאים לחנוכת המשכן אַ דבר נצחי בכל הדורות[36], און דערפאַר מאַכט מען פון הקרבת הנשיאים אַ זכר נצחי לדורות — דורך אמירת פ' הנשיאים מר"ח ניסן עד י"ב בו, און דורך ניט זאָגן דעמולט תחנון. ביז אַ זכר נצחי וואָס ווערט נמשך בפועל דורך דעם וואָס מ'זאָגט דערביי „יהי רצון וכו' יאירו נא עלי כל ניצוצין קדישין וכו' להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך כל ימי חיי אני וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם אמן".

ו. דערפון איז פאַרשטאַנדיק די באַזונדערע אויסגעטיילטקייט פון די איצטיקע ימי סגולה:

די טעג צייכענען זיך אויס ספעציעל דערמיט וואָס אין זיי איז אונטערשטראָכן א) די נצחיות פון נשיאי ישראל[37], ווייל יעדער נשיא בדורו איז כנשיא הראשון בדורו[38], און ב) די התקשרות וכו' פון יעדער איד (בכל דור ודור) מיט די נשיאי ישראל וואָס ווערט נמשך פון דער התקשרות וכו' — וועלכע איז געווען בזמן חנוכת המשכן — התקשרות וכו' נצחית.

עד כדי כך, אַז כאָטש די הקרבה פון די נשיאים פאַר חנוכת המזבח איז געווען מיט אַזויפיל טויזנטער יאָרן צוריק, און אין אַ באַשטימטן מקום וזמן (זמן המשכן אין מדבר), און נאָר אַן איין מאָליקע זאַך — מאַכט מען דערפון אַ זכר נצחי לדורות דורך אמירת הנשיאים פון ר"ח ביז י"ב ניסן, און דורך ניט זאָגן תחנון,

און ניט בלויז אַ זכר, נאָר יעדער איד — כולל אפילו אין חושך כפול ומכופל פון גלות — באַקומט בפועל דורך די נשיאים „כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות" פון אַלע שבטים, און דאָס ווירקט אויף זייער עבודה בפועל (פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", בתוך כאו"א) „להבין ולהשכיל בתורתך וביראתך לעשות רצונך כל ימי חיי אני וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם"[39]!

און דער ענין איז נאָכמער אונטערשטראָכן ווען מ'שטייט אין דעם טאָג פון שבת (בתוך די טעג פון אמירת הנשיאים), וואָס איז כולל אין זיך אַלע י"ב נשיאים: שבת זיינען עולה די טעג פון דער פאַרגאַנגענער וואָך (כולל פון ר"ח ניסן ביז ה' ניסן), און מיני' מתברכין די טעג פון דער קומענדיקער וואָך (ו' ניסן ביז י"ב ניסן).

ז. דערפון האָט מען אויך אַ לימוד בנוגע צו נשיאי ישראל בכל דור ודור,

---

36) להעיר מדברי חז"ל שהעגלות והפרות שהביאו הנשיאים „ניתן להם הוי' שיהיו קיימים לעולם" (במדב"ר פי"ב, יח).

37) וראה משנה ר"ה בתחלתה, שבאחד בניסן הוא ראש השנה למלכים — למלכי ישראל (שם ג, א).

38) ולהעיר מקהלת יעקב (לבעהמ"ס מלוא הרועים) מע' רבי שנשיא ר"ת ניצוצו של יעקב אבינו.

39) ולהעיר שלימוד זה (ע"ד נצחיות הנשיא בעבודתו במשכן ופעולתו על ישראל בכל הדורות) מבואר גם בלקו"ת פרשתנו (חסידי'שע פרשה של שבוע זה) ד"ה ויקרא אל משה: „התורה היא נצחית ושייך בחינות אלו (ד„ויקרא אל משה" באוהל מועד שבמשכן) גם עכשיו" מצד „אתפשטותא דמשה שבכל אדם" (ראה תקו"ז תיקון סט (קיב, א. קיד, א). אגה"ק בסוף הביאור לסי' זך), ואתפשטותא דמשה שבכאו"א פועל עליו „ליראה את ה' אלקיך" (עד שלגבי בחי' זו „יראה מילתא זוטרתי היא" — ברכות לג, ב (בע"י). תניא רפמ"ב), „ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו ולעבוד את ה"א גו' לשמור את מצוות ה' גו'" (עקב י, יב ואילך).

ביז דורנו זה ונשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר — אז אין חודש ניסן (און בפרט אין די טעג) איז אונטערשטראָכן זייער נצחיות, און די התקשרות פון אַלע אידן מיט דעם נשיא הדור:

צווישן די טעג פון אָנהויבס חודש ניסן (ווען מ'זאָגט דעם „נשיא") איז אויך דער טאָג פון ב' ניסן (וואָס ווערט נתעלה אין דעם שבת), דער יום ההילולא פון דעם נשיא דער רבי (מהורש"ב) נ"ע[40], און יום התחלת הנשיאות פון (בנו ממלא מקומו[41]) כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[42] — מתאים דערמיט וואָס (התחלת) חודש ניסן איז פאַרבונדן ספּעציעל מיט נשיאים (כנ"ל) — וואָס אויך בא זיי זעט מען דעם ענין הנצחיות (נוסף אויף נצחיות ברוחניות, אויך) בגשמיות העולם, און זייער התקשרות נצחית מיט אַלע אידן דאָ[43] (און אַלע אידן מיט זיי):

ס'זיינען באַוואוסט די ווערטער וואָס דער רבי נ"ע האָט געזאָגט פאַר זיין הסתלקות[44] — „איך גיי אין הימל, די כתבים לאָז איך אייך". וואָס דער פירוש אין דעם איז[45]: דורך די „כתבים" (וואָס איך לאָז אייך) האָט מען דעם רבי'ן נ"ע („איך") ווי ער שטייט אין הימל — וואָרום „צדיקים דומין לבוראם"[46], און אַזוי ווי באַם אויבערשטן איז „אנא נפשית כתבית יהבית"[47], דער אויבערשטער האָט כביכול זיך „אַריינגעגעבן" אין תורה[48], איז עד"ז ביי צדיקים, אַז זיי גיבן זיך אינגאַנצן אַריין אין זייער תורה („כתבים"); און דעריבער — דורך זיינע „כתבים" (זיין תורה), וואָס מ'לערנט אין זיי און מ'נוצט זיי בפועל, ביז מ'איז זיי מפיץ (המעינות) חוצה — האָט מען דעם רבי'ן נ"ע אַליין (וועלכער האָט זיך דאָרט אַריינגעגעבן).

און וויבאַלד אַז מ'האָט די „כתבים" בגשמיות העולם — האָט מען דורך זיי דעם רבי'ן נ"ע בגשמיות העולם. ד.ה. אַ התקשרות נצחית בגשמיות צווישן דעם נשיא דער רבי נ"ע און אַלע אידן.

און אַזוי איז דאָס אויך בנוגע צו בנו ממלא מקומו[49] — אַז דורך זיינע כתבים, ספרים און נכסים וגם הגשמיים

---

40) ולהעיר שההסתלקות היתה במוצש"ק פ' ויקרא.

41) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"ז: המלכות ירושה כו' ולא המלכות בלבד אלא כל השררות . . ירושה לבנו ולבן בנו עד עולם (ובספרי שופטים יז, כ: כל פרנסי ישראל).

ולהעיר שכ"ק מו"ח אדמו"ר הי' בן יחיד והנשיאות עבר אליו בדרך ממילא. ובמלך אין צריך משיחה, כי משיחת אביו היא משיחתו (ראה רמב"ם הל' כלי המקדש פ"א הי"א. הל' מלכים שם הי"ב. צפע"נ (המלוקט) להל' כלי המקדש שם).

42) ולהעיר שסיום ימים אלו הוא י"ג ניסן — יום ההילולא דאדמו"ר הצ"צ, ואולי י"ל — גם יום התחלת הנשיאות של ממלא מקומו אדמו"ר מהר"ש (ראה גם לקו"ש ח"ז ע' 409. ושי"נ).

43) כדברי כ"ק מו"ח אדמו"ר בנוגע לאביו אדמו"ר נ"ע (אגרות קודש שלו ח"א ע' קמא) — שרועי ישראל „הנה לא זה בלבד שלא יפרדו מעל צאן מרעיתם, הנה עוד זאת מתרפסים להדום כסא מרום, להתיצב לפני הוד א־ל רם ונשא, להגן על עם ישורון" (נוסף על המבואר באגה"ק סי' זך וביאורו). ולהעיר ממאחז"ל בנוגע למשה: מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש (סוטה יג, סע"ב).

44) הועתק במכתב זקני אנ"ש — נדפס באגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"א ע' קיג.

45) ראה גם לקו"ש חכ"ז ע' 24 ואילך. ושי"נ.

46) ב"ר פס"ז, ח. רות רבה פ"ד, ג. ועוד.

47) שבת קה, א (כגירסת הע"י).

48) ראה לקו"ת שלח מח, סע"ד.

49) בנו יחידו — שיורש הכל (ראה לעיל הערה 41), ויורש ה"ה המוריש עצמו (ולא רק במקום המוריש) — ראה ב"ב קנט, א. שו"ת צפע"נ דווינסק ח"א סקי"ח. ווארשא ח"ב סקי"ח. מילואים יג, א. מהדו"ת יט, א. ובלשון הכתוב — „תחת אבותיך יהיו בניך" (תהלים מה, יז. ב"ב שם).

(כדלקמן) — האָט מען אים אַליין ובגשמיות[50].

ח. ויש לומר אַז כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האָט עס מדגיש געווען אין זיין ערשטן מאמר (תורה) חסידות[51] (בתור נשיא)[52] — וואָס באַווייזט אַז דאָס איז אַ התחלה ועיקר ויסוד אין זיין גאַנצער נשיאות — ד"ה ראשית גוים עמלק ואחריתו גו'[53]*:

ומקום התורה והעבודה של צדיק בקדושתו הוא גם לאחר עלותו מחיי הגופות לחיים האמיתיים והארת אור עבודתו נשאר במקומו, די"ל שהמקום שבו למד ועסק בתורה וכל כליו שהשתמש בהם לצרכי העבודה קדושתו עליהם מחלקי בירורו בעולם.

און ער ברענגט אויף דעם אַ (ביאור —) סיפור וועגן זיין פאָטער דער רבי נ"ע (וואָס איז דעמולט ערשט נסתלק געוואָרן) „וראיתי פעם כי כ"ק אאמו"ר הרה"ק הכ"מ נכנס לחדר אביו כ"ק אאזמו"ר זצוקללה"ה זי"ע[54] והיו עוד סדרי החדר כמו שהיו בחייו (זה הי' בערך בשנת מ"ה או מ"ו) ונכנס לבוש בחגורה ועמד אצל השולחן למול כסא שבתו, ושפתיו נעות כמדבר, ובכה הרבה".

און דער ביאור בזה איז פאַרשטאַנדיק ביותר פון המדובר ומבואר בהמאמר שם — וואָס דער ענין (וועגן נצחיות מקום עבודתו כו' של הצדיק) קומט בהמשך צו דעם וואָס ער איז מבאר אין מאמר וועגן דעם אונטערשייד צווישן קדושה און לעו"ז (להבדיל), אַז אין די עשר ספירות דקדושה ווערט דער אור נתאחד מיט די כלים (און די כלים זיינען בטל צום אור), און דערפאַר האָבן די כלים אַ קיום עצמי, אַזוי ווי דער קיום עצמי פון דעם אור[55] (מצד דעם וואָס ער איז דבוק בהמאור, עצמותו ית' שמציאותו מעצמותו כו' וקיים בבחי' קיום עצמי).

וואָס אַזוי איז דאָס אויך ביי אַלע מצוות „שנתלבשו בענינים גשמיים, קלף הגשמי וצמר הציצית וכהאי גוונא וכל מה שברצונו ית' כלים ראוים להארת אור העליון — ה"ה קיימים בבחי' קיום עצמי".

„וי"ל שזהו"ע דקדושה לא זזה ממקומה[56], ותשמישי קדושה[57] בקדושתן

---

50) נוסף על זה שע"י „זרעו בחיים" „אף הוא בחיים" (תענית ה, ב).

51) נדפס בסה"מ תר"פ-תרפ"א בתחלתו.

52) שנאמר בש"ק פ' צו אחר מנחה*, יום האחרון של השבעה אחרי אביו אדנ"ע.

53) שהוא (מיוסד על) מאמר האחרון של אביו אדמו"ר נ"ע (פורים בסעודה, פר"ת*), בהוספות רבות וכו' ובשינויי לשונות בכ"מ. — ולהעיר ממארז"ל (מדרש תהלים בתחלתו): ממקום שחתם זה פתח זה. ובארוכה — ב"ר פ"ק, יב. ושי"נ.

54) במ"א (ראה ס' השיחות תשי"ד ע' 6 ואילך. ועוד) סיפר כ"ק מו"ח אדמו"ר בפרטיות יותר, שבהיותו ילד קטן הי' רגיל להכנס לחדר היחידות של כ"ק אדמו"ר מהר"ש. ופעם אחת ראה שהדלת נפתחת, ונפל עליו פחד והסתיר עצמו, וראה שאביו נכנס וכו' — כההמשך שנעתק בהמאמר.

*) כן נדשם בראש המאמר — בכת"י לא נודע למי.

*) נדפס בסה"מ פר"ת ע' רצו ואילך.

55) היינו לא רק הדביקות וקיום שבכלים מצ"ע (דאיהו וגרמוהי חד (תקו"ז בהקדמה — ד, ב), שהוא לא כמו האחדות דאיהו וחיוהי חד — ראה המשך מים רבים תרל"ו פל"ב. המשך וככה תרל"ז פק"ז. המשך תרס"ו ע' קצ. ובכ"מ), כ"א גם בחי' קיום עצמי של האור.

56) ראה ע"ח שער ד פ"ג. של"ד פ"ג. של"ה פ"א. אגה"ק ביאור לסי' זך (קמז, א).

57) ראה מגילה כו, ב. רמב"ם הל' ס"ת פי' ה"ד. וראה תו"א צ, סע"ב. שערי אורה ד"ה יביאו לבוש מלכות פ"ה ואילך ופע"ז ובקיצורים לשם. וראה לקו"ש ח"ב ע' 135. ושי"נ.

הם עומדים כו'". און אויף דעם ברענגט ער וועגן דעם מקום התורה והעבודה וכלי תשמישו פון אַ צדיק אַז קדושתם לא זזה ממקומה.

דערפון קומט אויס, אַז דער קיום נצחי פון קדושת מקום הגשמי „וכל כליו שהשתמש בהם . . (הצדיק) לצרכי העבודה" — איז „גם לאחר עלותו מחיי הגופות" איז עס ע"ד ובדוגמת דער קיום עצמי (ונצחי) פון די כלים מצד זייער ביטול און אחדות מיט דעם אור. ויש לומר נאָכמער — אַז דאָס איז פּונקט די זעלבע זאַך ווי די אורות וכלים דאצילות. וי"ל אַז דאָס איז אויך מובן ממש"כ בתניא[58] בביאור מחז"ל[59] „האבות הן הן המרכבה", אַז בכל עניניהם זיינען זיי געווען אַ מרכבה דאצילות, איז עד"ז בנוגע צו די צדיקים ונשיאים וועלכע זיינען דוגמתם.

דאָס הייסט: חיי הצדיק זיינען נצחיים[60], און ניט נאָר ברוחניות הענינים, נאָר דאָס נעמט דורך זיין מקום גשמי און זיינע כלים גשמיים, זיין טיש און בענקל כו' — ווי פאַרשטאַנדיק פון דעם לשון „קדושה לא זזה ממקומה", אַז די קדושה רירט זיך ניט, און „ממקומה"[61] — מקום הגשמי ב„חדר אביו", און אויך מקום הרוחני — מעלה ומדריגה[62].

וכדברי המאמר, אַז דער „מקום שבו למד ועסק בתורה וכל כליו שהשתמש בהם לצרכי העבודה קדושתו עליהם" — אַז אויך דער מקום וכלים שהשתמש בהם לצרכי העבודה[63] ווערן זיי דורכגענומען און באַקומען די קדושה נצחית פון דעם צדיק.

ביז נאָכמער — אַז דער מקום און די כלים כו' זיינען פּונקט ווי דער זמן ווען דער צדיק האָט זיך באַנוצט מיט זיי בפועל אַלס אַ נשמה בגוף — ווי פאַרשטאַנדיק פון דעם סיפור אין מאמר, אַז ער איז אַריין אין דעם חדר פון זיין פאָטער, „והיו עוד סדרי החדר כמו שהיו בחייו כו' ונכנס לבוש בחגורה ועמד אצל השולחן למול כסא שבתו, ושפתיו נעות כמדבר, ובכה הרבה" — פּונקט „כמו שהי' בחייו" ווען ער פלעגט אַריינגיין צו יחידות — שי"ל שענינה אַז די יחידה פון דעם וואָס גייט אַריין ווערט פאַראייניקט מיט יחידה פון דעם רבי'ן — בחיים חיותו פון דעם רבי'ן מהר"ש!

און דער ביאור בזה איז פאַרשטאַנדיק פון דעם גופא וואָס דאָס איז „קדושה (לא זזה ממקומה)": קדושה — הייליקייט — נעמט זיך דוקא פון דעם מקור הקדושה, דער אויבערשטער אַליין. איז כשם ווי דער אויבערשטער איז קיים בבחי' עצמי (ונצחי[64]) (וואָרום

---

58) פכ"ג. פל"ד. פל"ט.

59) ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו. — „אפי' בשינתם" (מאמרי אדה"ז הקצרים ע' תקמ).

60) וראה אגה"ק ס' זך וביאורו.

61) והדיוק בזה יובן עוד יותר מזה שלשון „ממקומה" לא הובא בע"ת של"ד ושל"ה שבהערה 56.

62) ראה רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ב ה"ז. מו"נ ח"א פ"ח. נת' בס' החקירה להצ"צ עד, סע"ב ואילך.

63) ולא רק כשנשאר לאח"ז רק לקדושה בלבד, כמו השולחן ועמוד (שטענדער) של הצדיק שממנו עשו הארון שבו נגנז הצדיק, שכל מציאותו רק ארון וכלי להצדיק, וי"ל כמו ארון וכלי ללוחות הברית (להעיר ממאחז"ל „קשה מיתתן של צדיקים לפני הקב"ה כשבירת הלוחות" — ירושלמי יומא פ"א ה"א ובקה"ע שם. תנחומא (באָבער) אחרי יוד. הובא בפרש"י עקב יו"ד, ו).

64) התואר „נצחי" כאן הוא בשם המושאל — כי לשון „נצחיות" אינו נופל כ"א בבחי' וגדר זמן,

מציאותו מעצמותו כו'), אַזוי איז אויך זיין קדושה ואור (וואָס איז דבוק ומעין המאור) — קיים בקיום עצמי ונצחי; און וויבאַלד אַז די קדושה ווערט נתאחד מיט די כלים (און די כלים זיינען בטל דערצו) — באַקומען אויך די כלים אַ קיום עצמי ונצחי.

ט. און דער קיום עצמי ונצחי פון קדושת הצדיק ונשיא — ווערט נמשך צו כל ההולכים „בדרך[65] ישרה אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו נצח סלה ועד"[66], דורך דעם וואָס זיי פאַר־בינדן זיך (התקשרות) מיט דעם נשיא, נשיא דורנו, כולל אויך דורך „פאַר־בינדן זיך" מיט זיינע כתבים, ספרים וכו', „די כתבים לאָז איך אייך", אין וועלכע דער נשיא („איך" ווי ער שטייט אין הימל) האָט זיך איינגעאָנצן „אריינגע־געבן" למטה,

ובפרט דורך דעם וואָס זיי לערנען אין די כתבים וספרים, און ברענגען דאָס אַראָפּ אין מעשה בפועל, באַ זיך אַליין, און אויך — הפצת המעינות חוצה, פון די כתבים וספרים.

וואָס דורך דעם ווערט יעדער איד (וואָס פאַרבינדט זיך מיט דעם נשיא) באַלויכטן מיט „כל ניצוצין קדישין וכל האורות הקדושות הכלולות" אין דעם נשיא — וואָס בנוגע לנשיא דורנו, איז ער כולל „הכל", ווייל הנשיא הוא הכל[67], און דאָס ווירקט „להבין ולהשכיל בתורתך [כולל ובפרט בנדו"ד אין די כתבים וספרים פון דעם נשיא] וביראתך לעשות רצונך כל ימי חיי אני וזרעי וזרע זרעי מעתה ועד עולם (נצחי)".

יו"ד. ובנוגע לפועל:

מען דאַרף זיך פאַרבינדן מיט נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר. און דורך דעם באַקומט ער די נצחיות פון דעם נשיא, ביז אַז דאָס ווירקט „להבין ולהשכיל בתורתך", לערנען תורה, נגלה און חסידות, תורה פון רבותינו נשיאינו,

ותלמוד גדול שמביא לידי מעשה[68] — „לעשות רצונך (דהקב"ה) כל ימי חיי", קיום המצוות בכלל,

און ספּעציעל אין די צייט — די ענינים שהזמן גרמא: „מבצע פסח", גרייטן זיך, און אַנדערע אידן און כלל ישראל — צו חג הפסח, דורך שאַפן פאַר זיך און פאַר אַנדערע אידן אַלע צרכי החג, סיי די גשמיות'דיקע און סיי (ובעיקר — המעשה אשר יעשה) — די רוחניות'דיקע, וויסן די הלכות החג ומצוות החג, אָנהויבנדיק פון דער התחלה (הלכות ערב פסח), און פון דעם ליל הסדר.

יא. אין דעם אַלעם קומט צו אַ ספּעציעלע הדגשה בנוגע צו דעם ענין וואָס מ'רעדט לעצטנס[69]: „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" — וואָס דער כח אויף די עבודות פון כל המשכן קומט פון חנוכת המשכן דורך הקרבת הנשיאים (כנ"ל ס"ה) — ו„כל מקום שנאמר לי אינו זז לעולם"[70],

---

שיומשך זמן בלי סוף, אבל מה שאינו בבחי' וגדר הזמן לא שייך בו המשך הזמן כו' (לקו"ת שבת שובה סז, ג).

65) אגה"ק סכ"ז (קמו, א).

66) ו„כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק עולמית" (עירובין נד, א).

67) פרש"י חוקת כא, כא.

68) ראה קידושין מ, ב. ב"ק יז, א.

69) ראה שיחת ש"פ תרומה — לעיל ע' 346-7. ושי"נ.

70) ויק"ר פ"ב, ב. נת' בשיחת ש"פ תרומה שם — לעיל ע' 345 ואילך. לקו"ש חל"ו ע' 123 ואילך.

אַז יעדער איד, מאַן, פרוי און קינד, מאַכט זיין הויז און חדר וכו' — ע"ד אַ „מקדש מעט"[71], אַ בית תורה תפלה וגמ"ח (וצדקה), אַזוי אַז דער בית גשמי און די כלים גשמיים (דער טיש און ביינקל וכיו"ב) ווערן כלים צו קדושה (תורה, תפלה וצדקה), אַ „בית מלא ספרים"[72] וכו',

ווי אונטערשטראָכן אויך אין חג הפסח — „אשר פסח על בתי בני ישראל"[73].

און ספּעציעלע אַכט זאָל מען אין דעם לייגן בנוגע צו חינוך פון קינדער, וואָס זיי נעמען אַ הויפּט־איינטייל אין דעם סדר של פסח (מ'טוט פאַרשידענע זאַכן נאָך פאַר פסח, און מ'מאַכט שינויים בכדי שלא יישנו התינוקות ובכדי שישאלו התינוקות[74]), כולל אויך — אַז יעדער קינד זאָל האָבן זיין אייגענעם סידור, חומש און (להבדיל) צדקה־פושקע, און אויך אַן אייגענע „הגדה של פסח"[75] (מיט ציורים[76]),

און דורך דעם אַלעם מאַכט דער קינד זיין צימער און טישל און בעטל כו' — אַ „מקדש מעט", אַ כלי צו קדושה.

וואָס דעמולט באַקומט דער חדר גשמי און די כלים גשמיים און דער גאַנ־צער בית — אַ קיום עצמי, וואָרום „קדושה לא זזה ממקומה" (כנ"ל).

און מ'גייט אַהינצו אַריין „אַנגעטאָן מיט אַ קאַפּאָטאַ און אַ גאַרטל, און מ'שטייט לעבן טיש", באופן פון „דע לפני מי אתה עומד"[77], און מ'רעדט, מיט דמעות של שמחה — ווי אַ זון צו זיין פאָטער, אַ בן יחיד צו הורים זקנים[78], אַ איד (בנים אתם לה' אלקיכם[79]) צו אבינו שבשמים, וואָס דאָס פאַרשאַפט דעם פאָטער דעם גרעסטן תענוג, און דער תענוג בורא ווערט תענוג נברא[80].

ביז אַז דאָס קומט אַרויס בתכלית הגילוי ושלימות — אין דעם „מקדש גדול", ביהמ"ק השלישי, און דאָרט גופא — אין קודש הקדשים, יחידה שבמקום (שבעולם), וואו יחידה של כל נפש מישראל, פאַרבינדט זיך מיט יחידה שלמעלה, יחידו של עולם,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו — יחידה הכללית[81], ותיכף ומיד ממש.

---

71) ראה מגילה כט, א.

72) ע"ד מארז"ל — ירושלמי סנהדרין פ"י ה"א. תנחומא קרח ב. במדב"ר פי"ח, ג.

73) בא יב, כז.

74) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס תעב. סתע"ג סי"ד־טו. סל"ח. ס"מ. ועוד.

75) ראה שיחת פורים — לעיל ע' 349. וש"נ.

76) שעי"ז „לא יישנו התינוקות וכו'".

77) ראה ברכות כה, ב.

78) כמאמר הבעש"ט: יעדער איד איז טייער ביי דעם אויבערשטן ווי אַ בן יחיד וואָס איז געבאָרן געוואָרן ביי עלטערן לעת זקנותם, און נאָך טייערער (כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות סקל"ג. וש"נ).

79) ראה יד, א. וראה תניא רפ"ב.

80) ראה המשך וככה תרל"ז פי"ב. פט"ו. וראה שיחת ש"פ ויק"פ שנה זו.

81) רמ"ז לזח"ג רס, ב (נדפס במק"מ קצ, ב). ל"ת להאריז"ל בראשית עה"פ ויתהלך חנוך. ועוד. וראה אוה"ת נצבים ע' אירעו. סה"מ תרכ"ז ע' טז. תר"ל ע' י ואילך. תרנ"ה ס"ע יט ואילך. תרצ"ט ע' 207. תש"ב ע' 51. ס' הליקוטים־דא"ח צ"צ ערך משיח. וש"נ.

**מוקדש**

# לחיזוק ההתקשרות
# ליום הבהיר י"א ניסן
# יום מלאות מאה ואחת שנה
# להולדת כ"ק אדמו"ר זי"ע



**נדפס על ידי ולזכות**

הרה"ת ר' **הלל דוד** וזוגתו מרת **שטערנא שרה**

בתם ובניהם

**חנה, ישראל ארי' ליב, לוי יצחק,**

**ברוך שניאור, מאיר ושמעי'**

שיחיו לאורך ימים ושנים טובות

**קרינסקי**

להצלחה רבה ומופלגה בטוב הנראה והנגלה
בכל אשר יפנו בגשמיות וברוחניות
מתוך שמחה וטוב לבב

